אַריה פּאָזי




א דראַמאַטישע פּאָעמע
אין דריי אַקטן
און פּראָלאָג

פאַרלאַג צעשינסקי, שיקאַגאָ

# פערזאָנען

**יעקב** (**יאַקאָב**) אַ פאַטריאַרך אין דעם לאַנד כנען.

**זיינע זין:**

**ראובן** (רעאוּווען),

**שמעון** (**שימאָן**),

**לוי** (לעווי),

**יהודה** (**יעהודאַ**),

**אָשר** (**אַשער**),

**יוסף** (**יאָסעף**),

**בנימין** (**ביניאַמין**),

**דן** (**דאַן**),

**נפתלי** (**נאַפטאַלי**).

**בלהה** (בילהאַ), יעקבס קעפּסווייב,

**דינה** (**דינאַ**) זיין טאָכטער.

**עדה** (**אַדאַ**), אַ מיידל פון כנען,

**חושים**, אַ פאַסטעך,

**צלה** (צילאַ), אַ שניטערין,

**כפתור** (קאַפטאָר), יהודהס אַ קנעכט,

**אַ נזיר** (**נאָזיר**),

**תומים**,

**תחש** (**טאַכאַש**),

**פרעה** (**פאַראָ**), דער קעניג פון מצרים,

**פוטיפר** (**פּאָטיפאַר**), זיין שני־למלך,

**זליכה** (**זליכאַ**), פוטיפרס ווייב,

**טוטאַפטאַ**, פוטיפרס אַ קנעכט,

**שר־המשקים**, דער אויבער־טראַקמאַסטער פון פרעה,

**טוטאַקאַר**,

**אַקעטאַטאָן**,

**סעקהעמערע**, אַ פּריסטער פון מצרים,

**שניטער, פאַסטעכער, קנעכט, שרעטעלעך, בייזע רוחות, גוטע רוחות.**




אין דרויסן פון יעקבס געצעלט.

רעכטס שטייט אַ הויכער, דיקער, פיל־באַצווייגטער לינדנבוים. אַביסל טיפער, אויך רעכטס, ביים שטאַם פונעם בוים, איז דער אַריינגאַנג צו יעקבס געצעלט. די צווייגן פונעם לינדנבוים הענגען אַריבער דעם געצעלט און שיצן אים אין זייער שאָטן.

לינקס, אין מרחק, זען זיך די געצעלטן פון יעקבס זין. הינטער זיי און אין הינטערגרונט שפּרייטן זיך פעלדער, וואָס גרענעצן זיך ביים האָריזאָנט מיט בערג־ציילן.

שניט־צייט. פון אייניקע פעלדער איז די תבואה שוין אָפּגעשניטן און זי זיינען ברוין, פאַרברענט פון דער זון. דאָ און דאָרט זיינען אָנגעוואָרפן סנאָפּעס, וואָס זיינען אויסגעשטעלט מיט די זאַנגען אַרויף, צו טריקענען זיך אַנטקעגן דער זון. אין עטלעכע פלעצער זיינען די סנאָפּעס צעלייגט אין שטעגן. אויסגעמישט מיט די אָפּגעשניטענע פעלדער זיינען דאָ פעלדער פון שפּעטערדיקע תבואות, און זיי זיינען בלייך־גאָלדן און גרינלעך־גאָלדן.

פאַרנאַכט.

**יעקב** שטייט ביים אַריינגאַנג פון זיין געצעלט. זיינע זין ברענגען אים בכורים. **יוסף** שטייט ביי זיין רעכטער האַנט, **די זין פון לאה** — אַנטקעגן אים און **די זין פון בלהה און זלפה** — ביי זיין לינקער האַנט. ראובן טרעט אַרויס.

**ראובן**

**פאָטער!**
**צו פאָלגן די געבאָטן פון אור־דורות**
**און צו היטן די געזעצן פון אונדזער שטאַם, —**
**קום איך, ראובן, דער עלצטער פון דיינע זין,**
**אין נאָמען פון מיינע ברידער,**

די ערשטע פּרוכטן פון אונדזער פעלד און גאָרטן,
ברענגען דיר די בכּורים פון אונדזער לאַנד:

פון די פעלדער ווייץ און קאָרן,
גרינס און קרייטעכער פון גאָרטן,
פון די ווײַנשטאָקן די ערשטע זאַפט,
און די זיסטע פון די פייגן;
פון אויל־בירטן דעם קלאָרסטן אויל,
ניס און בשמים, געווירץ און לאַדאַן, —
פון דער פעטקייט פון דער ערד,
וואָס יעהאָווא האָט אונדז באַשערט.

אָט די מתּנה צו דיר געבראַכט,
נעם צו, אָ, פאָטער מײַנער,
און זאָל בענטשן אונדז דײַן זעל.

**יעקב**

{פאָרשפּרייט זײַנע הענט איבער די קעפּ פון זײַנע זין. די זין לאָזן זיך אַראָפּ אויף די קני}

איבער אײַערע פעלדער — ברויז, אָנגעלאָדן מיט קערנער —
זאָל זיך, ווי די כוואַליעס אין ים,
אַ שפע פון זאַנגען וויגן;
איבער אײַערע גערטנער — געדיכט, אָנגעלאָדן מיט פּירות —
זאָל זיך מערן, ווי שטערן אין הימל,
די שפע פון פּרוכטביימער גרינע;
און ווען די זון וועט אום האַלבן טאָג טריקענען אײַער גומען, —
זאָלן אײַערע ברונימער באַקוואַלן אײַך מיט וואַסער,
זאָלן אײַערע שאָף און רינדער פּליסן מיט מילך,
און אײַער דורשט זאָל תּמיד זײַן געשטילט.
און ווען די שאָטנס פון דעם אָוונט
וועלן צו אײַך, נאָך דעם טאָג פון מי און אַרבעט שווערער,
ברענגען קילקייט און רו, —
זאָלן די טרויבן פון אײַערע ווײַנגערטנער געבן אײַך אַ שפע פון זאַפט,
און מיט ווײַן זאָלט איר אײַער ברויט פאַרטרינקען,
און אומגעשטערט און אין פרידן זאָל זײַן אײַער שלאָף.

{די ברידער שטייען אויף און צעשטעלן זיך אין אַ האַלבן קרייז}

יהודה

זאָל פאַרגעבן מיר מיין פאָטער
און איך וועל רעדן אַצינד צו אים,
זאָל מיין עלטער ברודער מיר פאַרגעבן,
וואָס איך, אָן אינגערער,
וועל, אָנשטאָט אים, רעדן איצט:
צוועלף איז די צאָל פון אונדז, דיינע זין,
און איינציק איז די ברכה, וואָס דו האָסט אונדז געגעבן.
יעדן איינעם, נאָך זיין חלק,
און נאָך זיין ירושה אין ישראלס הויז.
יעדן איינעם נאָך זיין ברכה,
באַזונדער טייל זיי, אָ, פאָטער, אויס!

יעקב

צוויי אין צאָל זיינען געווען די זין,
וועלכע גאָט האָט, מיט זיין גענאָד, מיין פאָטער יצחקן באַשערט:
איך און מיין ברודער עשׂו.
און ווען עס איז געקומען צו טיילן די ירושה צווישן אונדז,
האָט שווערד און בויגן
מיין פאָטער עשׂון געגעבן
און איבערגעלאָזט פאַר מיר
די ברכות פון דער ערד.

צוויי זיינען געווען די זין פון מיין פאָטער,
צוועלף איז די צאָל פון זין,
וואָס גאָט האָט מיר באַשערט —
און די ברכות, אַז איך זאָל צווישן אייך צעטיילן,
וועט קליין זיין דער חלק פון יעדערן באַזונדער.

זין מיינע, אָט די ברכה, וואָס איז מיין הויז באַשערט,
זאָלט איר ניט צעברעקלען!
לעבט אינאיינעם, לעבט אין פרידן,
און באַהערשט דאָס לאַנד!

יהודה

ניט פון לאַנד צעטיילונג טראַכט איך
און ניט דער שלום ווינטש איך, זאָל זיין געשטערט, —

נייערט אויף דעם לאַנד און מיט דעם שלום —
וואָס זאָל אויף יעדנס ברודערס חלק זיין באַשערט?

פאָטער, ווייט איז די זעאונג פון דיין בליק
און וואָס וועט אונדז געשען ביים סוף פון טעג,
דערצייל אונדז פון אָט יענעם אומגליק אָדער גליק!

**יעקב**

/פאַרדעקט מיט די הענט דאָס פּנים. שטייט אַ ווײַלע פאַרטראַכט. דערנאָך צעשפּרייט ער לאַנגזאַם די הענט איבער די קעפּ פון די ברידער. דיין פּנים צעשיינט זיך. זיינע אויגן גלאַנצן און זען ווייט. די זין פאַלן אויף די קני און לאָזן אַראָפּ זייערע קעפּ. יעקב הויבט אָן רעדן מיט אַ קול פון נבואה:

צו דעם בכור פון זיין פאָטער,
צו דעם פּער פון יוגנט און פון מאַכט,
איז פון דורות אָן דער מנהג,
אַז צו אים זאָל איבער זיינע ברידער
די פירערשאַפט געגעבן ווערן.
צו עלטערקייט און דערפאַרנקייט
ווערט פירערשאַפט געגעבן; —
אָבער ווען מיט עלטער קומט דערפאַרונג ניט,
ווערט די מאַכט צו זיין ברודער
און צו דעם בעסערן פון אים
אַוועקגעגעבן.
ניט ראובן — אין מיין זעאונג —
איז פון יעקבס הויז דער האַר.

שמעונס פויסטן — ווי פון בראָנז געשמידט,
לוי׳ס אָרעמס — ווי פון שטיין געהאַקט,
די לייבער פון מיינע זין — ווי דער פעלז פון באַרג, —
איז פאַרקריפּלען אַן אָקס
אַ שפּיל פאַר זיי.
וואָלטן זיי צו זייער גבורה
אויך גוטן מוט פאַרמאָגט,
וואָלטן זיי פון זייערע ברידער
די געבענטשסטע געווען.
אָבער שטאַרק איז זייער כּעס

און האַרט איז זייער צאָרן,
פאַרבלייבן וועלן זיי דערפאַר
צווישן ברידער צעטיילט,
צווישן ישראלס מחנות צעשפּרייט.

ווי שווערד און בויגן
רייניקן פאַר עשׂון דעם וועג,
וועלן מוט און חכמה פאַר יהודהן טויגן
איבער דעם געדרייטן לעבנסשטעג.
ניט טיפקייטן און ניט ווייטקייטן
קאָן דער פויסט פון גבורה אַמאָל גרייכן —
איינציק זיינען חכמה און פאַרשטאַנד
צו היפּן גרענעצן פון דורות און פון אָרט.
בייזווילן און קנאה פאַרקאָוועןאַקעראייזנס אין שאַרפן פון שווערד,—
טריקענען אויס דעם לעבנס־זאַפט פון דער ברוסט פון ערד—
זאָל מיין זון אין זינען האָבן תמיד,
אַז, ווי זעאונגען אין ברייט פון מדבר,
וועפּט זיך אויס וואו נאָר אַ נצחון,
וואָס כלי־זיין האָט אַמאָל געגרייכט.

דעם אומרו פון אַ אינד
זע איך אין זבולונס געמיט,
און ווען ער, אין זיינע שיפן,
וועט זיך איבער ימים צעלאָזן,
וועלן יששכר, דן און גד,
אַרויסציען מיט מי און שוויס
פון לאַנד דאָס ברויט,
און היטער פון זייערע ברידער זיין.

די פלינקייט פון אַ אינדן
איז נפתּלין באַשערט,
און די שאַרפזעאונג פון אַן אויג;
און אין די טעג פון רו,
און אין די טעג פון פרייד,
וועט ער דערקוויקן די ברידערס הערצער
מיט די שיינקייט פון זיינע רייד.

/פויזע. יעקב פאַרדעקט ווידער דאָס פּנים מיט די הענט און שטייט אַווײַלע פאַרטראַכט. שטיל און נייגעריק, און מיט דערוואַרטונג קוקן אויף אים זײַנע זין. לאַנגזאַם נעמט יעקב אַראָפּ זײַנע הענט פונעם פּנים און פאַרשפּרייט זיי איבער יוספס קאָפּ.

**יעקב**

**אַ יונג בוימל ביסטו, יוסף, מיין קינד! . . .**
**ניט דער בכור פון פאָטער**
**און ניט דער פּער פון זיין יוגנט און זיין מאַכט;**
**ביסטו אָבער פון דיין פאָטערס ליבע דער פּער,**
**און דער ערשטלינג פון דיין מוטער.**
**און ווי אַ בוימל ביי אַ קוואַל,**
**מיט וואָרצלען געשלאָגן שטאַרק און טיף,**
**וועלן זאַפטיק זיין דיינע פּרוכט;**
**און דער שאָטן פון דיינע צווייגן פיל און קיל**
**פאַר די ברידער אַ שוץ וועט ער זיין,**
**ווייל איבער ברידער וועסטו זיין דער האַר!**

/יעקב לאָזט אַראָפּ זײַנע הענט. ער בלײַבט אָבער שטיין אויף דעם זעלבן אָרט און האַלט די אויגן פאַרמאַכט. לאהס זין, אויף זייערע קני נאָך, הייבן זיך אָן אָפּרוקן פון יוספן, קלײַבן זיך צונויף אין איין גרופּע און שטעלן זיך אויף. יוסף בלײַבט שטיין אויף די קני, הייבט אויף אַ באַגײַסטערטן בליק צו יעקבן, שפּרייט אויס צו אים זײַנע הענט. די ברידער באַטראַכטן אים מיט אַ בליק פון קנאה געמישט מיט שנאה.

**יהודה**

/שטיל צו זײַנע ברידער:
**איך האָב שוין לאַנג געהאַט מיין חשד: —**
**צו רחלס זון האָט ער די ערשטאָפּט איבערגעגעבן . . .**

**שמעון**

**אַן אומרעכט איז באַגאַנגען געוואָרן**
**אין דעם הויז פון יעקב! . . .**

/ער מאַכט אַ באַוועגונג צו ווענדן זיך צו יעקבן מיט רייד און מיט אַן אויסגעשריי פון צאָרן. יהודה כאַפּט אים ביי דער אויסגעשטרעקטער האַנט און האַלט אים אָפּ.




## בילד איינס

די זעלביקע סצענע ווי אין פּראָלאָג.
די זון איז ערשט פאַרגאַנגען.
אונטער דעם לינדנבוים, אויף דער ערד, זיצט **בלהה**. לעבן איר זיצט **בנימין**.
פון איינעם פון די געצעלטן פון יעקבס זין דערטראָגט זיך תמרס געזאַנג.

**תמרס געזאַנג**

אַליו, ליו־ליו, ליו־ליו, ליו . . .
אַליו, ליו־ליו, ליו־ליו, ליו . . .

זאָלסט נאָר, פּרץ, אַנטשלאָפן ווערן,
שפּרינקלען וועט הימל מיט ליכטיקע שטערן,
גנאָדיקן וועט טוי אויף אַלע פלאַנצן,
זאַפטיקן זיי ווי טייטלען און מאַראַנצן.

פאָרכט ניט, מיין קינד, נחת געטרייער, —
איבער דיר דיין מוטער וואַכט
און אַ מלאך — פון הייליקן פייער —
האָט אַ זיסן חלום דיר געבראַכט.

דעם חלום פון אונדזער שטאַם —
פון פילע הירטן און פעטע לענדער,
פון מילך און האָניק דעם זיסן טעם
פון גאָטס גנאָדן אַלע וואונדער.

דיינע הייזער זיינען געצעלטן,
אַט געבויט און אָט צענומען;

פון דיין טאַטן מיט דיין זיידן
רייכע גיטער וועסטו באַקומען.

**בנימין**

תמר זינגט. זי פאַרוויגט פּרצן.
אונטער דעם פאַרנאַכטיקן הימל
ווי שיין איר שטימע קלינגט.
איך האָב ליב צו הערן ווי תמר זינגט.

**תמרס געזאַנג**

/שטילער :

פון דיין טאַטן מיט דיין זיידן
רייכע גיטער וועסטו באַקומען . . .

**בנימין**

/פאַרבענקט :

ווען איך בין
אַזוי קליין ווי פּרץ געווען,
האָט אַ מלאך געטרייער
ניט געבראַכט מיר קיין חלומות
פונעם הימלס הייליקן פייער . . .

**בלהה**

פאַרוואָס דענקסטו אַזוי, מיין קינד ?

**בנימין**

ווייל ניט מיין אייגן מאַמע
האָט מיין וויגעלע געוויגט . . .

**בלהה**

/גערירט

ניט דיין מאַמע האָט דיין וויגעלע געוויגט,
אָבער ליבע, אַזוי טיף ווי מאַמעס ליבע,
האָט ביי דיין וויגעלע געוואַכט.

ווען איך האָב דיין וויגעלע געוויגט,
ווען איך האָב איבער דיין וויגעלע געוואַכט,
ווען איך האָב דיין אָטעם און דיינע באַוועגונגען געהיט,
האָט תמיד דיין מאַמע —
כאָטש אומגעזען —
איבער דיין געצעלט געשוועבט . . .

און ווען בנימין איז געשלאָפֿן
און אויך בלהה איז שלאָפֿן אַוועק,
האָט דיין מאַמע אַליין,
דיך אין וויגעלע געהיט,
פֿון דיר ניט אָפּגעטאָן קיין אויג . . .

**בנימין**

איך געדענק עס נישט . . .

**בלהה**

פֿון עופּהלעך די טרוימען
זיינען לייכט ווי פֿעדערלעך, —
מיט דעם ווינטל־בלאָז פֿון טעג און יאָרן
ווערן זיי פֿאַרהיילן אין דער וויט . . .

**בנימין**

/טרוימעריש:
אין דעם געמאָל, פֿון דעם טאַטנס מאָלונג,
זיינען מלאכים שניי־ווייס . . .
און מיין מאַמע, ווי דו און טאַטע זאָגן,
איז אויך אַ מלאך . . . און ווי אַ מלאך
פֿלאַטערט זי דאָ און דאָרט און אומעטום,
און ווי אַ מלאך איז זי פֿון אויג פֿאַרהוילן.
אָבער ווען אין אַ נאָכמיטאָג,
און אַז אָנגעגליט פֿון זון איז ערד און לופֿט,
און פּלוצים טוט אַ ווינטעלע אַ בלאָז,
אַ ווינטעלע אַ קילס און לינדס, —
טוט דאָס די מאַמע אָדער אַן אַנדער גוטער מלאך
מיט זיינע פֿליגלען אויף אונדז פֿאָכן,
דעם ווינטל שיקן אונדז צו קילן?

**בלהה**

/גערירט:
דיין מאַמע, דיין מאַמע, מיין קינד! . . .
געוויס דיין מאַמע . . .
ווער דען, אויב ניט דיין מאַמע? . . .

**בנימין**

דו, בלהה, האָסט דאָך מיין מאַמען געקענט,
אוי, דערצייל מיר ווי איר אויסזען איז געווען!

**בלהה**

אויך בעת זי האָט געלעבט
איז איר געשטאַלט געווען אַזוי ליכטיק
ווי פון אַ מלאך דאָס געשטאַלט . . .

**בנימין**

נאָך ביים לעבן איז זי אַ מלאך געווען,
אָבער זען האָבן זי אַלע געקענט;
און איצט, נאָך איר טויט, איז זי נאָך אַלץ אַ מלאך,
אָבער געזען איז זי מער פון קיינעם ניט . . .

ווי שיין, איך שטעל זיך פאָר, איז זי!
און אויף פליגלען ווייס ווי שניי
שוועבט זי אין דער לופט,
קרייזט זיך, קרייזט זיך,
אונטער דעם הימל בלוי.
אַ פויגעלע צווישן פייגעלעך, אָדער, ניין,
איך מיין — אַ מלאך צווישן פייגעלעך
און שענער נאָך אַ סך פון זיי . . .
פאַרוואָס באַהאַלט זי זיך פון מיר?
פאַרוואָס באַווייזט זי זיך ניט צו מיר?

**בלהה**

נאָכן טויט גייען מענטשן אין הימל אַוועק —
פאַרהיילן איז פון מענטשנס אויג
פון אַ הימלס איינוואוינער דאָס געשטאַלט;
אויך ווייט איז פון הימל
דער וועג צו דער ערד.

**בנימין**

פאַרוואָס קען זי יוסף זען?
צו יוספן נידערט זי פון הימל אַראָפּ
און קומט צו אים אין חלום צוגיין . . .
און צו מיר קומט זי ניט . . .

**בלהה**

ניט זי צו יוספן טוט נידערן,
נייערט צו איר טוט יוסף זיך דערהויבן.
נשמות ריינע, ווי פון רחלען די נשמה,

ניט צו נידערן איז זיי געגעבן
און ניט צו נידערן איז זיי באַשערט,
ווייל אפילו אין דער נידערונג פון זיי
טוט דערהויבונג זיך אַריין . . .
און ווייטזעאונגען אַזעלכע,
ווי פון יוספן די זעאונגען, —
דעם כּוח פון דערהויבונג
ביז די הימלען פאַר דערהויבונג
אויסגעטראָטן איז פאַר זיי דער וועג,
ביז די הימלען און אויך אַריבער זיי . . .
זיי דו אויך אַ יינגעלע אַ גוטער,
וועט אויך פאַר דיר דער וועג צום הימל
נישט קאָנען זיין פאַרשטעלט.

בנימין
יוסף זעט אַלעמאָל אַזעלכע שיינע חלומות . . .
און איך ניט . . . און אַמאָל,
אַז מיר חלומט זיך שוין יאָ,
פאַרהיילט זיך, אינאיינעם מיטן שלאָף,
אויך מיין חלום,
און איך פאַרגעס אים באַלד . . .
דערמאָנען וויל איך זיך
און קאָנען קאָן איך ניט.
איך וועל בעטן יוספן:
זאָל ער מיר דערציילן,
ווי צו חלומען זאָל איך אַזוי,
אַז איך זאָל קאָנען אויך געדענקען.

בלהה
יאָ, מיין קינד, בעט אים
און ער וועט דיר דערציילן!

בנימין
יוסף ווייס אַזעלכע וואונדערלעכע מעשׂות
צו דערציילן. אַלץ ווייס ער.
אַנומלט זיינען מיר געזעסן אין דעם שאָטן פון אַ בוים.
אַ ווינטעלע האָט געבלאָזן.
און די בלעטלעך פונעם בוים

האָבן געמורמלט עפּעס, געסודעט זיך,
איינע צו די אַנדערע זיך געטוליעט,
איינע מיט די אַנדערע געטאַנצט.
און יוסף האָט צו מיר געזאָגט:
„הערסט וואָס די בלעטלעך דערציילן?"
און איך האָב גאָרנישט ניט געהערט...
בלויז דעם גערויש פון זיי האָב איך געהערט,
אָבער קיין מעשה פון דעם
האָב איך דרינגען ניט געקאָנט...
אָבער יוסף האָט אַ מעשה יאָ געהערט.

**בלהה**

האָט ער זי דיר דערציילט?
געדענקסטו די מעשה?

**בנימין**

איך געדענק. זייער אַ שיינע מעשה.
אַ מעשה ווי דער פרילינג
איז אַראָפּגעקומען צו גאַסט,
און צעקלונגען האָט זיך אַ שטימע,
זיך צעקלונגען איבער באַרג און טאָל:
„העי, טיר און טויער עפנט אויף
און דעם פרילינג לאָזט אַריין!"
... אוי, איך קאָן עס ניט דערציילן!...
די מעשה ווייס איך
און דערציילן קאָן איך ניט...
איך קאָן קיינמאָל ניט דערציילן...
ווען יוסף דערציילט איז אַזוי שיין,
און איך קאָן ניט...

/ביים אַריינגאַנג פון זיין געצעלט באַווייזט זיך יעקב.

**יעקב**

בנימין, ביסט שוין דאָ?
/צו בלההן:
וואו איז ער געווען?
/קומט צו צו זיי.

**בלהה**

אויף זיין שטענדיקן פּלאַץ, ביים וואַסער־פּאַל, צווישן די פעלזן.

**יעקב**

דאָרט האָסטו אים געפונען? ווען איך
האָב אים געזוכט, איז ער דאָרט ניט געווען.
/צו בנימינען:
וואו, מיין קינד, ביסטו דאַן געווען?

**בנימין**

הער אויס, פאָטער, און איך וועל דיר דערציילן:
דו ווייסט דאָך דאָס ציגעלע,
וואָס גד האָט מיר געשאָנקען, —
נון, האָב איך זי געפיטערטביים ברונעם,
אָנגעבונדן אויף אַ שטריקעלע,
זי געפיטערט האָב איך די גאַנצע צייט.
איז דאָס ציגעלע געווען אַ שטילינקע,
אַ גוטינקע, האָט אַנטלויפן ניט געוואָלט.
און ווען צו טרינקען סע האָט זיך איר פאַרגלוסט,
האָט זי אויף מיר געקוקט
און איך האָב פאַרשטאַנען
און זי צום קאָרעטע געפירט.
אָפּגעגעסן און אָפּגעטרונקען
האָט זי זיך לעבן מיר געשטעלט,
און זיך צו מיר געטוליעט.
האָב איך דעם שטריקעלע אָפּגעלאָזט.
פּלוצים האָט זיך דערהערט
פון טשערעדעס דאָס געשריי.
און אַ ריס געטאָן דהאָט זיך דאָס ציגעלע,
און צו די טשערעדעס זיך געטאָן אַ לאָז, —
אַזוי פלינק, אַז איך האָב זי
שוין כאַפּן ניט געקאָנט.

**יעקב**

טאָ וואָס האָסטו געטאָן?

**בנימין**

איך בין נאָך איר צו דער טשערעדע אַוועק.
דאָרט האָט לוי מיך דערזען.
און ווען איך האָב דאָס ציגעלע געוואָלט נעמען,
האָט ער דעם וועג פאַר מיר פאַרשטעלט.

האָב איך זיך צעווײנט
און ער האָט זיך צעלאַכט . . .
לוי איז אַ שלעכטער . . . איך האָב אים פײנט ! . . .
אויך שמעון איז אַ שלעכטער . . . איך האָב פאַר זײ מורא . .

**יעקב**

זײ אַ גוטער אינגל,
װעלן זײ זיך מיט דיר ניט רײצן.

**בנימין**

איך בין ניט שלעכט.

**יעקב**

מײן קינד, ס'איז שוין שפּעט !
/טאַפּט דאָס גראָז —
זעסט װי נאַס עס איז דאָס גראָז ?
דער טוי פון הימל האָט זיך שוין געלײגט.
קום אין געצעלט ! שוין צײט צו גײן שלאָפן.
בלהה, לײג דאָס קינד שלאָפן !

**בלהה**

/שטײט אויף.
קום, בנימין !

**בנימין**

נײן, לאָמיר נאָך זיצן דאָ אַ ביסל.
איך װיל נאָך ניט שלאָפן . . .
/פּלוצים — מיט התפּעלות :
פאָטער, קוק, קוק — אַ שטערן פאַלט !

**יעקב**

יאָ, אַ שטערן פאַלט.
שטערן הערן ניט אויף צו פאַלן . . .
נשמות הערן ניט אויף
אין די הימלען צו פליען . . .

**בנימין**

װען מײן מאַמעס נשמה
איז אין הימל געפלויגן, —
איז אויך דאַן אַ שטערן געפאַלן ?

**יעקב**

געוויס געפֿאַלן! אַ ליכטיקער שטערן . . .

**בנימין**

און דו האָסט געזען?

**יעקב**

ניין, געזען האָב איך ניט . . .
פֿינצטער איז מיר דאַמאָלסט אין די אויגן געווען:
זען האָב איך ניט געקאָנט . . .
/הויבט זיך אויף —
קום שלאָפֿן, מיין קינד!

**בנימין**

אָבער איך וויל נאָך ניט שלאָפֿן.
/איינפֿעלעריש:
ווייסטו וואָס, פֿאָטער? — דו זעץ זיך דאָ לעבן מיר
און איך וועל זיך זעצן אויף דיין שויס.
ביי דיר אויפֿן שויס וויל איך איינשלאָפֿן.

/יעקב זעצט זיך און נעמט בנימינען צו זיך אויפֿן שויס.

**בנימין**

פֿאָטער, איך וויל האָבן אַ פּאַסטעך־פֿייפֿל —
אַז ווען מיין ציגעלע וועט נאָכאַמאָל אַנטלויפֿן,
זאָל איך האָבן מיט וואָס צו רופֿן זי.

**יעקב**

דאָס, מיין קינד, קאָן איך דיר געבן. —
יעקבס זון מעג יונג אַ פּאַסטעך ווערן.

/פּויזע.

**בלהה**

ער איז איינגעשלאָפֿן. גיב אים מיר
און איך וועל אים אַריבערטראָגן אין זיין בעט.

**יעקב**

ניין, איך אַליין
וועל אים צו זיין געלעגער בעמען.

/ער הויבט זיך אויף. בלהה העלפט אים. ער טוליעט בנימינען צו זיך. רעדט:

מיין קינד, איצט וועט נאך
דיין טאטע דיך לייגן שלאפן;
דיין טאטע וועט דיר עסן געבן,
פון בייז וועט ער דיך היטן;
אבער אלט איז שוין דיין טאטע, —
און ווען דער רוף פון זיינע אבות
וועט אים שוין יא דערגרייכן —
ווער, מיין קינד, וועט דיר א טאטע זיין?
און קיין מאמען האסטו אויך ניט . . .

**תמרס געזאנג**

שלאף, שלאף, פרץ קליינער!
אליו, ליו־ליו, אליו, ליו . . .

וייץ און קארן גילדיקן די פעלדער,
איילבירטן און פייגן זיך פרוכפערן אין וועלדער;
פעט דאס מילך פון שאף און רינדער, —
וואקסן גבורים פון פאסטעכער די קינדער.

ארום דיין וואוינונג פעט די ערד,
געבענטשט מיט רעגן און מיט טוי;
דיינע פיינט פון איר וועסטו אין נאקן יאגן,
און צו פרידן־שכנים — פון אירע ברכות טראגן.

# בילד צוויי

די זעלביקע סצענע. אין אַ שטונדע אַרום. עס שיינט אַ פולע לבנה. שניטער און פאַסטעכער קומען פון פעלד. זיי קומען אָן פון רעכטס און פאַרשווינדן אויף לינקס.

**ערשטע שניטערין**

ווי זאָגט זיך דאָרט אין ליד ?

/זינגט :

„ווייל דו זייסט אין אַנגסטן און אין ליידן,
דערפאַר מיט געזאַנג קומסטו די תבואה שניידן".

נון, די תבואה אָפגעשניטן און געדראָשן,
דעם יום־טוב פון בכּורים
מיט געזאַנג און טאַנץ
וועלן מיר איצט פאַרענדיקן.
ווי געלעכצט סע האָט מיין האַרץ
נאָך דעם טאָג פון היינט !

**צווייטע שניטערין**

און איך ווייס פאַרוואָס :
ווייל פון די בערג די פאַסטעכער,
האָסטו געוואוסט,
וועלן צום טאָל היינט נידערן.
האָסטו געלעכצט,
אַז באַלעבן זאָלן זיך די פעלדער
מיטן געשריי פון שאָף און רינדער,
און פאַרפולט זאָל דער יום־טוב ווערן
דורך דעם פאַסטעכס פייפל־שפּיל
און דעם פאַסטעכס פרייליך ליד ?
אָדער געלעכצט האָט גאָר דיין האַרץ
נאָך אַ פאַסטעך פון דעם העלן גאָרן
מיט זיך אין עלנטן געצעלט צו פאָרן ? . . .

**ערשטע שניטערן**

ביסט גערעכט:
און איך שעם זיך ניט צו דערקלערן,
אַז פון אַלע פּאַסטעכער האָב איך דערוויילט בלויז איינעם,
און חוץ אים אַרט מיר ניט פאַר קיינעם . . .

**דריטע שניטערן**

פּאַרבענקט:
און מיין האַרץ האָט נאָך קיינעם ניט דערוויילט, —
אפשר וועט דער באַשערטער קומען נאָך היינט . . .

מיט אַ פּלוצימדיקן אויסגעשריי:
הידד, פאַרן אָנקום פון די פּאַסטעכער
צו דעם יום־טוב פון בכּורים! . . .

**צווייטע שניטערן**

וועלן מיר היינט טאַקע פריילעך זיין
און הוליען דורך דער נאַכט;
און ביז דער מאָרגנשטערן
וועט דעם מזרח צירן,
און ביז דער האָן
וועט די זון באַגריסן —
זאָל אימפּעטן אונדזער טאַנץ,
זאָל הילכן דאָס געזאַנג!

אָפּ. צוויי שניטערס קומען אָן.

**ערשטער שניטער**

פייערן די נאַכט וועל איך היינט דאָ,
פייערן דעם מאָרגן וועל איך אין שכם.
פון שכם די טעכטער זיינען שיין —
צו זייער פייערטאָג מוז איך גיין.

**צווייטער שניטער**

פון אַלע טעכטער פון שכם
איז צילה די אויסדערוויילטסטע.
ביי דעם פעלד, וואָס איך האָב געשניטן,
האָט זי אירע שאָף געפּיטערט.
איך האָב זיך אויף איר פאַרקוקט

און מיין האַנט צעשניטן.
איך האָב ליב פון מיין דהאַנט די וואונד . . .

/אָפּ. צוויי פיטערינס קומען אָן.

ערשטע פיטערין

ווען איך האָב צום ברונים
מיינע שאָף געבראַכט,
האָט ער מיך דאָס וואַסער
שעפּן ניט געלאָזט,
נייערט ער
האָט געשעפּט דאָס וואַסער
און דאָס טרינקען
צו מיינע שאָף דערלאַנגט.

צווייטע פיטערין

אויך איך האָב
פון מואָב דעם זון באַמערקט:
קליין און נידעריק
האָט ער זיך מיר געדוכט . . .

ערשטע פיטערין

ניין, איז עס ניט דער דאָזיקער! . . .
דער זון פון מואב,
פון וועלכן איך דערצייל, איז
ווי דער צעדער פון לבנון שלאַנק,
פלינק ווי די אינדן אויף די בערג,
און הויך איז זיין געשטאַלט,
שוואַרץ און געקרייזלט זיינע האָר.
און זיין שטימע איז זיס
ווי פון האַרפּ דער קלאַנג,
איז אָבער זיין קול אויך מאַכטיק
און ווי די עכאָ צווישן פעלזן
הילכט ער איבער בערג.
אַ יונגלינג איז ער
צווישן די זין פון מואב —
נאָך ניט געשפּראָצט אפילו
האָבן אויף זיין געזיכט די האָר.

מיט פאַרב אוןביימל
וועל איך היינט זאַלבן מיין לייב,
און אָנטאָן וועל איך
מיין צירונג און פורפור־קלייד
און מיט די טענצערנס אַרויס. —
אפשר וועט ער קומען . . .

/אָפּ. יוסף און דן קומען אָן פון רעכטס.

יוסף

שיין פוצן זיך די נעכט פון אונדזער לאַנד,
און דורך זייערע זילבער־נעצן
קלינגען אָפּ פון געטער די טרוימען
אין די הערצער פון דוהס זין.
שווימט איבערן בלויען הימל, צווישן שטערן שפרינקל, די לבנה —
און מיט דעם אייביקן שמייכל אויף איר פנים
איז זי מיט זילבער־שטראַלן תמיד צו בענטשן גערן.
און איז אַ וואַנדערער מיד פון דעם וועג דעם שווערן,
און איז אַ קנעכט פאַרמאַטערט פון דעם טאָג אַרבעט דעם האַרבן,
און איז אַ פאַרבלאָנדזשעטער אין מדבר
פון דער ברענענדיקער זון פאַרשמאַכט, —
פאַרמיידט זי ניט די ברכה פון קיינעם ניט פון זיי.

פיל ליבערשט פונעם טאָג איז מיר די נאַכט!

ליגט זיך דער טוי געדיכט אויף גראָז און בוים
און די דורשטיקע ערד, זויגנדיק אים געריק,
צעעפנט זי דערפאַר פון איר ברוסט די זאַפט,
און פאַר אירע ברכות צו אונדז, שיקן מיר איר ברכות צוריק:
זינגען די גרילצן צווישן גראָז, צעזינגט זיך דער נאַכטיגאַל אויפן בוים,
און דאָרט, אין מרחק,
פאַלט אַ קוואַל פון שטיין צו שטיין און ביז ער באַהעפט זיך מיטן טאָל,
און ער מורמלט זיך אַ געזאַנג אין דער שטיל: —
דאָס זיינען טענער געאַנדערשט פון די טענער פון טאָג,
דאָס זיינען קלאַנגען ווי דער ציטער פון אַ לירע־סטרונע,
דאָס איז ווי דער ציטער פון דער לופט ביי אַ צימבאַלן־קלאַנג; —
דאָס איז די פרייד, וואָס רייסט זיך פון דעם האַרץ פון דער ערד,
דאָס איז די שירה פון ברכה פון דער וועלט צו דער נאַכט,

דאָס גיסן זיך פאַרבן מיט קלאַנגען צונויף,
און, וועבנדיק די נשמה פון דער וועלט,
דערהויבן זיי ערד צום הימל אַרויף
און ברענגען הימל צו דער ערד אַראָפּ . . .

אַלץ און אַלע זינגען צו דער נאַכט:
צעשרייט זיך אָן אַן אייזל — און אויך זיין קול איז געענדערט —
אויך ער זאָגט שירה צו דער נאַכט.
ער זאָגט זי אויף זיין שטייגער,
און יעדער שטייגער איז באַזונדער,
אָבער יעדער שטייגער איז אַ שירה,
און ווען שירה פלעכט זיך אין שירה אַריין, —
וועבט זיך פון דער וועלט די שירה,
דערהויבט זי צום הימל מענטשן אַרויף,
און ברענגט זי געטער צו דער ערד אַראָפּ . . .

דן

די רו פון דער נאַכט וועקט אומרו אין דיר
און דיינע געזאַנגען פון רו רויבן דעם שלאָף פון דיינע אויגן,
און לאַנג איז דער טאָג, וואָס קומט נאָך דער נאַכט
און פון די שאָף די שטענדיקע וואַך
טאָר ניט אָפּגעטאָן ווערן.
גיי אין דיין געצעלט און דאָרט אויף דיין געלעגער, יוסף!

יוסף

די רו פון דער נאַכט, זאָגסטו, וועקט אומרו אין מיר,
אָבער דער אומרו פון דעם טאָג וועקט טרויער אין מיר . . .
דן, געענדערט זיינען די וועגן פון דער וועלט
פון די וועגן פון די קינדער פון דער וועלט! . . .

דן

פון דיינע רייד דעם באַשייד, אָ, יוסף, ווייס איך
און מיין ברכה איז מיט דיר!

יוסף

יאָ, דו ווייסט, דן! . . .
וועגן מיינע אייגענע ברידער טראַכט איך
און זייערע וועגן האָט פיינט מיין האַרץ.

דן

פרידן, יוסף! און אויב די זין פון לאה
קוקן מיט קנאה אויף די קינדער פון דינסטן, —
זיינען זיי גערעכט.
וואָרן דינסטן זיינען אונדזערע מאַמעס
ביי רחלען און לאהן געווען
און ס'איז ניט דער שטייגער פון מענטשן,
אַז פון דינסטן די קינדער זאָל גלייך זיין זייער חלק
מיט די קינדער פון האַרנטעס.

יוסף

/אויפגערעגט/
„דינסטן קינדער" . . . אַט דאָס וואָרט,
וואָס טוט זיך פון מיינע ברידערס מיילער ניט אָפּ,
איז אַ לעסטערונג פאַרן הויז פון יעקב! —
און אַזוי ווי איבער מיינע ברידער פאַרן עלצטן
האָט היינט מיין פאָטער מיך באַשטימט,
וועט דאָס וואָרט פאַרגעסן ווערן —
דאָס זאָג איך — יוסף
און אויב ניט — פאַר אַ לעסטערונג זאָל מיין נאָמען זיין!

/מילדער:
ניט ווי דיינע געדאַנקען זיינען מיינע געדאַנקען, דן!
ניט דורך אָפּשטאַם איז מענטש פון מענטש געענדערט,
נייערט דורך דער זאַפטקייט פון זיין האַרץ.

דן

ניט דורך אָפּשטאַם, זאָגסטו, יוסף, —
אָבער ווען איך פאַרפיר מיט לאהס זין אַ שמועס,
הער איך, אַז ניט פון רחלען בין איך אַ קינד,
ווייל ניט פון רחלס טראַכט בין איך אַרויס,
און אויך ניט פון בלההן בין איך אַ קינד,
ווייל ניט בלההן האָט אויף זיין געלעגער
יעקב דאַן באַגערט.
און דאָס איז דערפאַר געשען, ווען אומזיסט האָט רחל
ביי יעקבן אַ קינד פאַרלאַנגט.
און רחלס צאָרן איז אויף יעקבן געווען גרויס,
וואָס ער, דער מאַכטיקער און פון גאָט דער געבענטשטער,

וועלכער האָט זיך מיט מענטש און גאָט געראַנגלט
און זיי אויך בייקומען געקאָנט, —
דאָך פאַר איר אַ קינד
פון דעם גאָט פון זיין בונד
אויסגעבעטן האָט ער ניט . . .
און אויף דעם געלעגער פון דער נאַכט
האָט זי, אין צאָרן, נקמה פאַרטראַכט —
און אויפגעוועקט האָט זי יעקבס תאווה,
און ווען די תאווה האָט שוין אין פלאַמען
זיך אין אים צעפלאַמט, —
האָט זי, אָנשטאָט זיך, און פון יעקבן פאַרהיילן,
פאַר זיין תאווה בלהן אים געבראַכט,
און — דאָס בין איך דער זון פון יענער נאַכט . . .
„אַ ממזר", זיינען די רייד פון לאהס זין,
„בין איך אין דעם הויז פון יעקב",
און ניט צו ממזרים געטיילט זאָלן ווערן
חלקים פון יעקבס הויז . . .

/ער פאַלט אויף די קני און — מיט אַ ביטערן קול:

אוי, אוי, יוסף!

/יוסף בויגט זיך איין, הויבט אים אויף, קושט זיין קאָפּ.

**יוסף**

/גערירט:

פרידן, דן, פרידן! . . .

**דן**

/פאַרביטערט:

ניט דינסטנס קינדער טאָרן פון באַליידיקונגען
אין אַ שווערקייט פון געמיט אַריין . . .
אין מיין געמיט טראָג איך קיין צאָרן ניט
אויף די זין פון לאה . . .

**יוסף**

ווען פאַר דינסטן וואָלט יעקב
בלהן אָדער זלפּהן באַטראַכט,
און ווען צו זייערע קינדער

וואָלט ער קנעכטשאַפט באַשערט, —
וואָלט ער זיי קיין ברכה מיט אַלעמען צוגלייך
געוויס ניט געגעבן.
און ווען פאַר דיר און דיינע ברידער, דן,
וואָלט יעקב זיך זאָרגן ניט געוואָלט, —
וואָלט ער ניט מיך, נייערט ראובנען,
באַשטימט צו פירן זיין הויז.
ניין, דן! ניט יהודה וועט איבער דנען געוועלטיקן,
און ניט ראובן וועט איבער נפתלין הערשן —
צוועלף גלייכע ברידער זיינען מיר,
פון איין טאַטן, פון ישראלן די זין!

**דן**

עס הערשט אומצופרידנקייט צווישן די ברידער,
און קעגן יעקבס ברכות ווילן זיי ווידערשפעניקן.
פון די זין פון יעקב איז ראובן פאַרט דער עלצטער,
און צו זיינע רייד וועסטו, יוסף, זיך אויך מוזן צוהערן . . .

**יוסף**

ניט אַזוי די זין צוערשט געבוירענע,
ווי די זין צוערשט באַגערטע,
ווערן פאַר ערשטלינגס באַטראַכט!
און באַגערט האָט יעקב רחלען,
ווען מען האָט לאהן צו אים געבראַכט . . .

**דן**

אויך מיינע אויערן האָבן רייד וועגן דעם פאַרנומען,
אָבער אָטאָדי רייד,
אַרויסרופנדיק דעם צאָרן פון לאהס זין,
ווערן פון תמיד פאַרשוויגן.
דערצייל מיר, יוסף, וואָס עס איז געווען.

**יוסף**

זייער צאָרן רופט עס אַרויס? געוויס.
זיי איז ניט אַנגענעם צו הערן,
אַז פערצן יאָר האָט יעקב געדינט פאַר רחלען
און לאהן האָט מען אים פאַר אומזיסט געגעבן . . .
ניט אַנגענעם איז זיי צו הערן,
אַז טאָפּלט איז דער חלק פון רחלס קינדער

אין דער ירושה פון יעקבס הויז.
דאָך ניט טאָפּלט וועלן זיך יוסף און בנימין חלקים נעמען.
אָבער אַז גלייך זאָלן זיין די חלקים פון אַלע יעקבס זין,
אויף דעם וועלן זיי געוויס באַשטיין!

**דן**

צו דעם גאָט פון אונדזערע אָבות,
יוסף, זיי געבענטשט!

**יוסף**

הער, דן, און איך וועל דיר דערציילן:
און ווען מיין מאַמע איז אויפן בעט געלעגן,
פון וועלכן אויפשטיין האָט זי שוין ניט געקאָנט,
האָט זי מיך צו זיך גערופן
און אַזוי האָט זי צו מיר גערעדט:

— איך גיי איצט אַוועק מיט דעם וועג,
פון וועלכן מען קערט זיך ניט צוריק,
און דו, יוסף, מיין עלצטער זון, יורש מיינער,
פון די וועגן, וואָס איך האָב געטראָטן,
לינקס אָדער רעכטס אָפּקערן זאָלסטו זיך ניט!
מיין זון!
אַמאָל, ווען איך בין נאָך יונג געווען
און יונג איז אויך געווען דיין פאָטער,
און ווען געקומען איז די צייט פון אונדזער האָכצייט,
האָב איך מיין שוועסטער, לאהן, דערזען.
דערזען זי טרויעריק און מיט אַ ביטערן געמיט,
און אירע אויגן פאַרוויינט, און פון פיל טרערן —
אָפּגעשוואַכט און רויט;
און איר פנים דאַר און בלייך . . .
האָט זיך דערבאַרמונג אין מיר דערוועקט
און אין מיין האַרץ האָב איך אַזוי געזאָגט:
„איך בין יונג, געזונט און שיין,
„און אפילו ווען נאָך זיבן יאָר זאָלן פאַרגיין,
„וועט ניט געמינערט ווערן פון יעקבן די וואַרטונג אויף מיר —
„אָבער נישט אַזוי געבענטשט איז ס׳געשטאַלט און ס׳אויסזען פון לאה,
„און פון בחורים איז זי ניט געליבט,
„קיין נחת ניט געהאַט, האָפנונגען אויסגעלאָשן . . . "

און — ניט לאַנג געטראַכט און אַראָפּ פון זיך דעם חופּה־שלייער
און אויף לאהן אָנגעטאָן. און לאה, אָנשטאָט מיר,
האָט יענע נאַכט ביי יעקבן אין געצעלט פאַרבראַכט.
און שפּעטער, ווען איך האָב אויף לאהן געקוקט
און געזען, אַז צופרידן איז זי און גליקלעך, —
בין איך — פון איר גליק — אַליין געבויט געוואָרן,
און פון דאַמאָלסט אָן האָב איך ליבן אָנגעהויבן,
ליבן אַלעמען אַרום זיך. און ווען מיין טאַטע, לבן,
האָט, צו מיין חתונה, בלההן, אַ דינסט אין אונדזער הויז,
מיר פאַר אַ מתנה געבראַכט, האָב איך בלההן צו זיך גענומען,
און פאַר מיין גלייכן, און פאַר אַ שוועסטער זי געמאַכט,
איז אויך זי צו יעקבן אַ ווייב געוואָרן.
מיין זון, אַזוי ווי איך האָב אַלעמען געליבט,
אַזוי אויך זאָלסטו טאָן.
און ווען דו וועסט אַ הונגעריקן טרעפן,
פון דיין ברויט זאָלסטו פון אים ניט פאַרמיידן,
און אַז אַ דורשטיקן וועסטו דערזען,
זאָלסטו פון דיין וואַסער אים דערלאַנגען;
און אַז באַגעגענען וועסטו אַן אייזל
אונטער זיין יאָך געפאַלן,
זאָלסטו דעם יאָך אַראָפּנעמען פון אים.
און אויב פאַרקנעכט איז דיינס אַ ברודער,
טו לערנען אין זיין קנעכטשאַפט
פון באַפרייאונג אים דעם זין!

/פויזע. דן קוקט מיט גרויס דרך־ארץ אויף יוספן. יוסף איז פאַר־טיפט אין זיינע זעאונגען און, אָננעמענדיק דנען פאַר דער האַנט, הייבט ער אָן, באַגייסטערט, פאָרטזעצן זיינע רייד:

הער די וואָרהייט,
וואָס אין דעם חלום פון דער נאַכט
האָב איך געזען:
סע האָט זיך מיר געחלומט,
אַז ס'איז סיי טאָג סיי נאַכט —
די זון, די לבנה, די שטערן
אויף איין הימל האָבן זיך שפּאַצירט.
טאָג און נאַכט, די שונאים פון אייביק אָן,

וואָס פירן פון תמיד
אויף לעבן און טויט אַ מלחמה,
און וואָס אויב איינער לעבט,
מוז דער צווייטער דאַן זיין טויט, —
זיי האָבן שלום געמאַכט
און צווישן זיך אַ בונד פאַרשניטן.
שפּאַצירן זיך לבנה און שטערן
לעבן דער זון ווי נאָענטע, ווי ברידער,
און די זון — פאַרלוירן די קנאה —
פאַרטונקלט זיי ניט מער.
און ווען זיי אַלע האָבן מיך דערזען,
האָבן זיי זיך פאַר מיר פאַרנייגט,
און צו מיר אַזוי גערעדט:
— יוסף! די געזעצן פון פרידן,
וואָס די וועלט צו לערנען האָסטו געלערנט,
האָבן זיי אויך אונדזער האַרץ דערגרייכט
און זיי צו פאָלגן האָבן מיר געפאָלגט . . . —
און דערהערט האָב איך אַ שטימע,
אַ שטימע פון געזאַנג,
און דער אונטן און דער אויבן —
פון דער ערד די טיפע טיפן,
און פון הימל די הויכע הויך,
און סיי די בערג און סיי די טאָלן,
און אויך פון ווייטע ווייטקייטן דער ים, —
אַלץ מער צעזונגען און צעקלונגען
האָבן זיי זיך אַלע
און יעדער איינער אויף זיין קול . . .
דאָס איז געווען פון דער וועלט די שירה . . .
דאָס איז —

דן

יוסף, איך זע יהודהן,
אָט קומט ער אָן אַהער!

/ער טרעט אָפּ און שטעלט זיך אָן אַ זייט.

**יהודה**

/חניפהדיק:

אין שפעטן אָוונט — ווען זע איך פאַר מיינע אויגן?
יוסף קומט צוגיין!
די אַרבעט פון טאָג די שווערע, ניט אים מאַטערט זי אויס,
און ניט אים צווינגט זי דעם פרידן פון דער נאַכט צו פאַרשלאָפן.
הויך, און שלאַנק, און געזונט,
זיינע אויגן — פונקען פייער, ווי באַלייכטער פון דער נאַכט,
זע איך אין אים דעם אָנבליק פון אונדזער פאָטער —
אַזוי ווי אין זיין יוגנט איז ער געווען,
ווען מיט איין האַנט הירטן האָט ער געהיט
און מיט דער צווייטער אָפּגעשלאָגן די פילע שונאים,
וואָס האָבן געלאָקערט תמיד אויף זיין געצעלט.

**יוסף**

געבענטשט זאָלסטו זיין אין דער נאַכט, יהודה!
און וואָס דו האָסט געזאָגט איז אמת:
ניט מיד האָט מיך געמאַכט דער טאָג,
און ניט שלאָף צו מיר
רופט פון דער נאַכט די רו.
נייערט די רו פון דער נאַכט,
פאַרשטעלנדיק די זעאונגען פון אַרום,
עפנט אויף פון מיין זעל דעם אויג,
און פון פאַרהיילונגען אַנטפּלעקט אַנטפּלעקונגען,
וואָס אויך די שיין פון זון
ברענגט קיין ליכט אויף זיי.

**יהודה**

און וואָס זיינען די זעאונגען?
דערצייל!
אויך מיין זעל גלוסט דערקוויקונג.

**יוסף**

וואָס זיינען די זעאונגען, פרעגסטו?
ניט אויף זעונגען קען מען פרעגן,
ווייל ניט ס׳לשון, נייערט ס׳האַרץ,
פרוכפּערט דעם ענטפער אויף זיי,
און פון האַרץ דאָס לשון

ניט דורך אויערן גרייכט עס אונדז.
דאָך וועל איך פּרוּאוון דערקלערן:
דאָס איז — ווען די זון, לבנה און שטערן,
ווען באַרג און טאָל, הימל און ערד,
פויגל, חיה, מענטש און בהמה
טוען זיך אין זעל אַריין
און זעל טוט זיך אויך אין זיי אַריין,
טוען זיך אין מיר אַריין
און דערזען טו איך זיך אין זיי;
און עס שפּרייט זיך אויס אַ וועלט אַ ברייטע,
אַ וועלט אין מיר פאַרטאָן,
און איך אַליין שפּרייט זיך
ווי אַ וועלט און וועלטן אויס;
אַ וועלט אין מיר און אַ וועלט אין דרויסן
און ביידע וועלטן זיינען איינס.

יהודה
איך פאַרשטיי ניט וואָס דו מיינסט.

יוסף
לכתחילה האָב איך געזאָגט,
אַז ניט צום פאַרשטאַנד,
נייערט צום געפיל,
זיינען זעאונגען געגעבן —
און אויב געפיל איז טויט,
איז דער וועג צו זיי פאַרהיילן.

יהודה
הגם דער ערשטלינג, יוסף, ביסטו פון דיין מאַמען
און פון מיין מאַמען אַ פירטלינג בין איך בלויז,
דאָך עלטער בין איך פון דיר אין יאָרן,
און אויך פון יוגנט די טרוימען זיינען דאָ אין מיין זכרון,
און צו פאַרשטיין זיי איז מיר ניט שווער.
אָבער רעדסטו אַזעלכע מאָדנע, פאַלשע רייד,
שאַפסט אַ באַזונדער לשון פאַרן האַרץ, —
און באַקאַנט איז דאָך פון דורות עלצטע,
אַז אויב זעאונגען פאַרמאָגט יאָ דאָס האַרץ,
איז די צונג פון דעם האַרץ דער בת־קול.

און ווען דער בת־קול קלינגט ניט אָפּ,
איז אַ צייכן אַז דער באָדן איז זאַמד און שטיין
און ניט באַפּרוכפּערט . . .

יוסף

ניין, יהודה, ס'איז נישט דאָס וואָס דו מיינסט!
וואָרן גרויס איז דאָס געזאָגטע וואָרט,
אָבער נאָך גרעסער איז דאָס וואָרט,
וואָס ווערט אין זעל געבוירן,
צעוויקלט זיך אין דעם אינגעווייד פון האַרץ
און פאַרמאָגט פאָרן אַרויסרייד ניט דעם קלאַנג.
נאָר דאָך, וואָס איך קאָן, וועל איך דיר באַווייזן:
קוק אַהין! וואָס זעסטו דאָרט?

יהודה

וואָס געווײַנלעך: שטערן, הימל . . .

יוסף

וואָס געווײַנלעך, זאָגסטו?
אָבער ניט געווײַנלעך איז עס פאַר מיר!
איך זע אַן אויג אין יעדן שטערן,
אַן אויג, וואָס קוקט און זעט,
שיקט צו אונדז פון הויכקייטן גרוסן
און פון סודות־וועלטן דעם וואונדער־שיין.
און איך און דו, און אין אונדזער באַנעם,
אַז פון דער גאַנצער וועלט זיינען מיר דער תּכלית,
דער תּכלית און דער קיום, —
זיינען מיר
ווי מילבן און נאָך פון מילבן קלענער
אין דעם אָנגעזיכט פון יענעם אויג . . .

יהודה

אויב צו שטערן איז דיין בליק געווענדט,
און מיט זייער לשון אויב דו רעדסט, —
דאַרפסטו צוערשט אַ שטערן זיין . . .

יוסף

געוויס, מיין ברודער! זיינען מיר קיין שטערן ניט?
באַנעמען און פאַרנעמען מיר קיין וועלטן ניט?

יהודה

צום הימל געקלעטערט האָבן אויך אונדזערע זיידעס אַמאָל,
און נאָך איידער זיי האָבן האַלבוועג דערגרייכט,
איז שוין אַ געמיש געוואָרן זייער לשון,
און מיט זייערע ציגל, וואָס זיי האָבן דעם טורעם צום הימל געבויט,
געשפּאָלטן האָבן זיי אייגענע קעפּ . . .

יוסף

עי, גערעכט ביסטו, מיין ברודער! —
און ווען לשונות ווערן צעמישט
און איינער דעם צווייטן דערלאַנגט ניט קיין ציגל,
איז פאַרשטעלט פאַר אונדז צום הימל דער וועג.

קוק, יהודה, דאָרט איז אַ באַרג,
וואָס די טונקלקייט פון דער נאַכט
האָט אים פאַרהיילן פון אונדזער אויג, —
אויף יענעם באַרג בין איך געשטאַנען
אין דעם גינגאָלד פון פאַרנאַכט.
און צעשפּרייט האָט זיך פאַר מיר דער טאָל
אין פּורפּור און אין גאָלד,
און צעשפּרייט האָט זיך פאַר מיר דער שטח ברייט:
בערג און בערג, פעלד און גאָרטן,
אַ שלל מיט זעאונגען אין איין פאַרנעם,
און באַנומען האָט עס מיין אייגן אויג.
און אונטן, דאָרט אין טאָל,
ביסטו און אַנדערע מיט שאָף און רינד,
מיט סערפּ און שנייד־מעסער געשטאַנען, —
און געזען האָב איך אייך ווי מילבן קליין . . .

און אַזוי צו מיין האַרץ האָב איך גערעדט:
— אַז ווען עמענס דער געצעלט איז אויפן באַרג,
און ווער זיין וואוינונג האָט דערווײַלט דעם טאָל, —
בלייבט דער באַרגמאַן פאַר דעם הערשער.
און וויבאַלד יעהאָוואַ איז אויפן העכסטן הויך, —
הערשט ער איבער מענטשן אונטן.
אָבער זאָל דער מענטש צום הימל שטייגן
וועט ער זיך גלייך אויף גלייך מיט געטער מעסטן . . .
און אָט האָסטו דיר אַ צייכן:

ווען דער זון פון הימל איז צו אונדזער פּאָטער
פּאַר אַ געראַנגל אַראָפּ אין טאָל, —
האָט ניט ער יעקבן, נייערט יעקב אים, בייקומען געקאָנט.
און זאָל דער זון פון ערד הימל גרייכן,
וועט ער די זין פון געטער בייקומען אַוודאי קענען . . .

יהודה

פאַרמעסטו זיך אויך אויף גאָט,
און מיט מלחמה אויף זיין הערשאַפט?

יוסף

מלחמה? פאַרוואָס מלחמה?
נישט עס ווינשט עס גאָט,
און נישט איך ווינש עס פאַרן מענטש!
נישט צו דער נידערונג ביז מילב,
נייערט צו דערהויבונג ביז זיך אַליין
איז פון גאָט צו מענטש דער געבאָט!

יהודה

יוסף, ביסט פאַרבלאָנדזשעט!
און אין דיין פאַרבלאָנדזשעטקייט
ברענגסטו צאָרן אויף אונדזער פּאָטערס הויז! . . .
דיינע רייד זיינען מיר שוין זינט לאַנג באַקאָנט,
דיינע רייד און דיינע באַרימעריי —
די רייד פון אַ מויז, וואָס פאַרמעסט זיך אויפן לייב,
די רייד פון דער פליי, וואָס שפּרינגט טאַקע הויך,
אָבער צום אָדלער, אויף ווען זי פאַרמעסט זיך,
צום אָדלערס פּלי — פעלן איר אָדלער־פליגלען אויס . . .
און אין דיינע רייד ברענגסטו צאָרן אויף אונדזער הויז,
וואָרן עס פאַרנעמען דיינע רייד קנעכט און דינסט,
און — ווי דו אויף גאָט —
פאַרמעסטן זיי זיך אויף אונדזער האָב און גוטס,
וואָס מיט מי און אַרבעט האָבן מיר דערגרייכט.
אָנשטאָט פּוסטע רייד און טרוימען, וואָס זיינען פאַלש,
קער זיך צו די וועגן פון דיינע אָבות און דיינע ברידער,
קער זיך צו די פעלדער און דיינע הירטן,
קער זיך צו דער ערד — פאַר ווייץ און קאָרן
און לאָז דעם הימל צו זיין רו,
און זאָל הערשן פרידן איבער אונדזער הויז!

יוסף

נאָך נעכטן און נאָך אייערנעכטן
האָב איך פון דיר און פון אַלע אַלטע לייט
די זעלבע רייד געהערט.
און אויסהערנדיק זאַט די רייד, בין איך אַמאָל,
אין אַ פרימאָרגן, מיט די הירטן אין פעלד אַוועק.
עס האָט די זון פון מזרח ערשט אָנגעהייבן אויפגיין
און מיט בלוי און רויט, מיט פורפור און מיט גרין
האָבן זיך די בערג פאַרשלייערט.
און די וואָלקנס אויפן הימל,
דערוועקט פון גרויקייט און פאַרשלאָפנקייט,
ווי די באַקן פון דער יונגפרוי,
ווען זי צום ערשטן מאָל דערפילט דעם רוף צו מאַן,
און נייגעריק איז זי צו וויסן,
און ווייסן ווייסט זי ניט,
און ווען דער סוד און זייער שטאַרק
ברויזט אויף געפילן אין איר האַרץ, —
צעפלאַמען זיך אירע באַקן רויזן־רויט,
צעפינקלען זיך אירע אויגן פונקען פייער,
און לאָזט זי די אויגן־דעקלעך אַראָפּ,
צאַפּלען זיי זיך אַראָפּגעלאָזטערהייט,
דורכצולאָזן פון די אויגן דעם פונקען־שפּריץ: —
יונגפרויאיש אָט אַזוי
האָבן זיך צעפאַרבט די וואָלקנס,
און מיט פאַרבן זיך צעצאַפּלט,
און פונקען פאַרבן פון זיך געשפריצט.
און פון דער זון אַ ליכטיק שטראַל
האָט געניִדערט אַראָפּ פון דער הויך,
אויף דער ערד באַגעגנט אַ טראָפּן טוי
און פרייַנטלעך זיך מיט אים צעקושט.
און ווי דער טראָפּן טוי האָט נאָר דעם קוש דערפילט,
האָט ער זיך צאַפּלען אָנגעהויבן,
זיך אויפגעכאַפּט,
זיך אויפגעהויבן,
זיך צום הימל
און צו דער זון דערהויבן.
געשטאַנען בין איך ביי די הירטן,

געוואָרפן בליקן אויף די בערג,
געבליקט אין הימל,
אויפן טאָל געבליקט,
און אויף דער זון,
די אויגן פאַרמאַכט,
געבליקט.
און פלוצים, דערפילט האָב איך,
ווי אויך מיך טוט קושן די זון,
און אויך מיך,
ווי דעם טראָפן טוי, פאַנגט זי אָן —
דערהויבן!
און ווען געוואָרן בין איך דערהויבן,
האָב איך, פון דער הויך אַראָפּ שוין,
אויף פאַסטעכער, שאָף און רינדער,
אויף טאָלן, בערג און פלאַכן
געקוקט.
און קלאָר איז געווען מיין זעאונג,
אַז ניט אויף מילך פון אייטער
און אויך ניט אויף פרוכט און תבואה
לעבט דער מענטש.
און ערשט דאַן האָב איך געקאָנט באַגרייפן,
אַז ווען ער, וועלכער וואוינט אויבן,
וואָלט פאַרשטעלט צום הימל דעם וועג צו מענטש,
וואָלט ער אים דורכדעם באַרויבט, —
וואָרן ניט צו דערנידערונג, נייערט צו דערהויבונג
איז פון מענטשן דער באַרוף.
און אין יענעם טאָג,
און אין יענער שעה
האָב איך מיינע טראַכטונגען באַטראַכט
און די וועגן פון יעהאָוואַ
און צו יעקבן זיין אָנבאָט
האָב איך פאַרשטאַנען.

**יהודה**

קלאָר איז פון יעהאָוואַן צו יעקבן דער אָנבאָט
און דער בונד, וואָס צווישנאַנאַנד האָבן זיי פאַרשניטן:
יעקב וועט היטן יעהאָוואַס געבאָטן

און דערפאַר גיט אים יעהאָוואָ דאָס לאַנד
און אַלע ברכות פון דעם לאַנד.

יוסף

ניסט מיט זעל,
נייערט מיט פאַרשטאָפּונג פון האַרץ
האָסטו דעמדאָזיקן בונד פאַרנומען! . . .
ניט פאַר זיין פעטקייט
און ניט פאַר זיינע קוואַלן פון מילך און האָניק
באַגערט יעקב דאָס דאָזיקע לאַנד,
נייערט ווייל פון דאַנען ציט זיך דער לייטער,
וואָס איז פון דער ערד
ביזן הימל דער גראַדער וועג.

יהודה

איך הער צום ערשטן מאָל פון אַזוינע געטער,
וואָס זאָלן עפּענען גערן די טויערן פון הימל
פאַר מענטשלעכן געברויך . . .
אויך זיינען זיי מיר ניט נויטיק.
איך בין צופרידן מיטן גאָט פון מיין דערקאָנונג,
וואָס האָט מיט מיין שטאַם אַ בונד געשניטן,
און באַוואָרנט אונדז מיט די ברכות פונעם לאַנד.

יוסף

דער, פון דיין דערקאָנונג, —
איז ניט דער גאָט פון הימל,
נייערט פון דיין אייגענעם געמיט . . .

/אין אויסברוך פון צאָרן:

איז ער אַזאַ, וואָס קען עטוואָס געבן?
און פון לאַנד די ברכות,
זיינען זיי דען זיין פאַרשפּרעך?
וואָרים ווען די וואָלקנס ווערן דורשטיק,
מוזן זיי גיין טרינקען צום ים,
און ווען אָנגעטרונקען פול און זאַט
און מיט וואַסער אָנגעלאָדן,
איז פאַר זיי איין ברירה דאָן:
צו נידערן צו דער ערד . . .
טוט דאָס דיין גאָט?

ניט דיין גאָטס באַפעלן פאָלגן צו טרינקען
פון הימל די וואָלקנס,
ווי ניט יהודהס באַפעלן פאָלגן צו זען
פון קאָפּ זיינע אויגן.
און ווען אין דורות פאַרצייטיקע
האָבן אונדזערע אָבות אין שנער
געבויט דעם טורעם צום הימל,
שיינט זיך, אַז דאָס האָט דער גאָט, וואָס פון דיין געמיט,
וואָס ער ט׳זיך דאַן געקאָנט קריגן
און האָט פון זיי די לשונות צעמישט.
אָבער לשונות צעמישט —
קאָנען זיך באַלד אָפּמישן,
און די טויערן פון הימל — פאַרשפּאַרט,
קאָן מען דאַן עפענען מיט אייגענעם כוח!
און זאָל עס געשען!
מלחמה מיט גאָט?
מיט דיין גאָט — יאָ!
ווייל ער איז אַלעמאָל דער שטער
פון מענטשן די דערהויבונג.
און אויך ניט ער איז וואָס וויל פרידן,
וואָרן ניט ער קאָן שטאַרקערע
און גלייכע מיט זיך פאַרטראָגן.
און דאָס איז דאָך זיין הייסער ווואוטש:
עס זאָל צעריסן און צעשפּליטערט זיין די ערד, —
ווערט זי במילא ניט דעם כוח און ניט דעם מוט פאַרמאָגן
צום עכטן הימל וואַרפן בליקן
און ציען זיך אַהין מיט בענקשאַפט פון דעם האַרץ.

**יהודה**

און ווען פאַרטריבן ווערט מיין גאָט ווערן —
וועמען אַנדערש וועסטו זעצן אויף זיין טראָן?

**יוסף**

ניט איינעם וואָס זאָל וועלן איבערהערשער זיין,
נייערט איינעם, וואָס זאָל אין אונדזער האַרץ אַריין,
אין אונדזער איינגעווייד מיט אונדז אייניקעם זיין,
אין אונדז, מיט אונדז, און דורך אונדז זאָל ער הערשער זיין!
און זאָל געשען פאַרוואָס דיין גאָט האָט מורא:

צעבראָכן אויף אייביק פון פייערדיקע שווערדן די צוימען,
אָפּגעריסן אויף תמיד פון די גן־עדן־טויערן די שווערע ריגלען —
זאָלן עסן מענטשן פון דעם פּרוכט פון לעבן,
זאָלן זיי געניסן פון דעם פּרוכט פון וויסן,
און פון אומפּרוכפּערקייט אַראָפּ די קללה,
און אָפּגעטריקנט דער מי־ און אַרבעט־שווייס פון שטערן,
און ניט צוליב ברויט אַליין זאָל מענטש דאַרפן לעבן,
נייערט פון הימל אַראָפּ אויף דער ערד טרעטן זאָל ער וועגן!

יהודה

פאַרנומען האָט מיין אויער
פון דיין מויל די רייד,
אָבער די גרויסע וועגן פאַר דערגרייכונג
האָסטו נאָך פאַרפעלט צו אַנטפּלעקן.

יוסף

ניט ניי, נייערט דורות־אַלט זיינען די וועגן!
געטראָטן נאָך פון אונדזערע אור־אָבות אין דעם טאָל פון שנער:
אָפּגעמישט פון לשונות די צעמישונג
און — שנערס טורעם ווערט געבויט צוריק!
צעשפּרייט איז די וועלט, צעפּיצלט און צעבראָקלט,
באַזונדער אין זיין ברעקל איז אפילו יעדער וואָרעם,
יעדע פליג און יעדער מילב איז פאַר זיך אַליין אַ וועלט, —
זאָל אָפּגעשאָפן ווערן פון וועלטן די צעטיילונג
און איינציק זאָל זיין דאָס האַרץ פון אַלע ברואים אויף דער וועלט!
און כאָטש באַזונדער אָטעמט יעדער בלעטל אויפן בוים,
אייניק אָבער זיינען אַלע בלעטלעך אין זייער שטאָם צום בוים.
און זאָל זון ניט טרייבן פון הימל די שטערן,
און זאָלן שטערן און מזלות אין רשות פון זון ניט טרעטן,
וועט דער טאָג פון דער וועלט די נאַכט ניט יאָגן,
און וועט די נאַכט אין הערשאָפט — דעם טאָג ניט פינצטער מאַכן!
און ציען וועלן זיך פעדים פון הערצער פון אַלע ברואים אויף דער וועלט,
און קנוילן וועלן זיך די פעדים
מיט ליבשאָפט און דערהויבונג אין דעם האַרץ פון מענטש, —
וואָרן אייביק, און אייניק, און מיט ליבע,
און מיט געבורט און ווידערגעבורט
וועט איינזאַפּן דאָס האַרץ פון מענטש די וועלט אין זיך,

און צוריקגעבן דער וועלט, מיט יעדן אָטעם־צוג,
דאָס חיות פון דער וועלט!

יהודה

און די הערשאַפט צווישן מענטשן גופא —
ווי אַזוי וועסטו דאַן צעטיילן?

יוסף

ניטאָ קיין הערשאַפט דאָרט,
וואו כּולל איז מען אין זיך די וועלט! —
פון הערשאַפט דער באַגריף
איז דאָרטן בלויז געשאַפן,
וואו אַליין איז מען צו גאָט פאַרקנעכט
און קנעכטיש, טוט מען צו זיך
ברידער־מענטשן, שוואַכערע, פאַרשקלאַפן.

יהודה

ניט אַזוי ווי נעכטן און אייערנעכטן
רעדן היינט די קנעכט פון יעקבס הויז —
האָבן אויך זייערע אויערן דיינע רייד פאַרנומען? . . .
און צו די קינדער פון די דינסטן,
און פון בלההן און פון זלפהן צו די זין —
טיילן וועסטו אויך חלקים גלייכע
מיט דיינע ברידער — פון די האַרנטעס די זין?

יוסף

ווען די וועלט זאָל געבויט ווערן
אַזוי ווי איך די וועלט באַנעם,
וועלן חלקים ניט דאַרפן געטיילט ווערן,
וואָרן אויפהערן וועט די צעברעקלונג פון דער וועלט!
זאָל מער קיין טראַן ניט זיין פאַר הערשאַפט,
וועט קיין קנעכטשאַפט במילא שוין ניט זיין,
און אויב אין האַרץ פון אונדזער ברודער
וועט דאָס געפיל פון קנעכטשאַפט נאָך בלייבן,
און אויב אין די אויגן פון אונדזער ברודער
וועט נאָך זיין אַ פונק פון אונטערטעניקייט,
און קוקן וועלן זיינע אויגן,
ווי אויפן פאַסטעך קוקט דער היטער פון זיין סטאַדע —
זאָלן מיר טרייבן אָט די קנעכטשאַפט

פון דעם האַרץ פון ברודער,
אַזוי ווי פון האַרץ די באַקנעכטונג,
פון אַט די וואָס טוען הערשן
צו רייסן וועלן מיר מוזן דאַן.

ניט באַפרייען זאָל מען קנעכט פון קנעכטשאַפט,
און ניט פון הערשאַפט זאָל ווערן פריי דער האַר,
נייערט צו הערשאַפט זאָל ווערן קנעכט דערהויבן
און צו דערהויבנקייט זאָלן זיך דערהערצער ציען
סיי פון קנעכט און סיי פון האַר!

אַ קללה וואָלט געווען דער שלאָף
ווען ער ברענגט ניט דעם טרוים מיט זיך,
צום טויט געגליכן וואָלט ער געווען
און די זעאונגען פון דער נאַכט.
אַ קללה וואָלט געווען די פרייהייט,
ווען זי ברענגט דערהויבונג ניט מיט זיך,
נאָך ערגער פון קייטן וואָלט עס געווען,
ווען אַרויף רופט איר נשמה ניט.

און ניט צו פאַרמערן שאָף און רינדער
זאָל דער פאַרלאַנג פון הערשאַפט זיין, —
נייערט זאָל עס זיין דער פאַרנעם פונעם אָדלער,
ווען ער שווינגט אַזש אַריבער וואָלקנס
און באַנעמט סיי דעם הימל און סיי די ערד.

**יהודה**

ניט געקומען ווי מיט שטורעם
בין איך צו הערן דיינע רייד,
נייערט געדולדיק און מיט ישוב
האָב איך אויסגעהערט יעדן וואָרט
פון די זעאונגען פון דיין געמיט.
שיין רעדסטו, יוסף! —
און אויף שמחות און אויף פעסטן
וואָלט דער פלוס פון דיינע רייד
פאַרשטאַרקט פון ווײַן דאָס ברויזן
און פאַרזיסט פון פרוכט דעם טעם.
ווען אָבער דיין טרוים ווערט אויסגעגאָסן

צו די יונגען ביי די הירטן,
ווערט געבראַכן דאָס געמיט פון אַרבעט,
און פון פּרוכפּערקייט פון שאָף און רינד,
און פון גערעטעניש פון פעלד און גאָרטן
ווערט געריבט דיין פאָטערס הויז.

יוסף

ווען געדולדיק און מיט ישוב וואָלסטו,
ווי דו זאָגסט, באַנומען מיינע רייד,
וואָלסטו פון פּרוכפּערקייט פון שאָף און רינדער
ניט גערעדט צו מיר,
און מיט די גערעטעניש פון פעלד און גאָרטן
וואָלסטו ניט געריטן אויף מיין געמיט.

יהודה

אין זיין ברכה צו זיינע זין
האָט יעקב דיך געוויילט פאַר פירער,
און אין דיין יונגשאַפט
און אין דיין באַרימעריי,
און פון דיין האַרץ דעם פאַלשן שטאָלץ,
ביסטו פון פירערשאַפט איבער ברידער
ווייטער נאָך פאַרגאַנגען
און ווילסט ממשלה רייסן
פון די הענט פונעם ריז,
וואָס נאָך קלענער פון אַ מילב
ביסטו אין פאַרגלייך מיט אים.

באַטראַכט זיך, יוסף!
דו ביסט פאַרפירט אויף וועגן
פון וועלכע פלייש־און־בלוט קומען ניט צוריק,
און ברענגסט אויף זיך דעם צאָרן
סיי פון ברידער און סיי פון פריינט,
און ברענגסט אויף אונדזער הויז דעם שפּאָט
פון אַלע אונדזערע פיינט.

שלעכט זיינען דיינע וועגן, יוסף,
און דיינע שטאָלצע רייד און גאווה
שאַפן קנאה אין הערצער פון ברידער און פון פריינט.

איך קום צו דיר מיט וואַרנונג:
קער זיך אָפּ פון דיינע וועגן
איידער ברידער קערן זיך אָפּ פון דיר,
און איידער דו ווערסט פון זיי פאַרשטויסן
אינאיינעם מיט דיין חלק אין יעקבס הויז.

יוסף

ניט יענער איז אַ קריגסהעלד
ביי וועמען פּחד איז דאָ אין האַרץ —
איך בין גרייט אויף אַלץ!
און אויב מיינע ברידער, אין זייער בלינדקייט,
וועלן מיך פאַרשטויסן אינאיינעם מיט מיין וועלט,
און אויב מיינע ברידער, אָנגעטרונקען פול מיט מילך,
און אָנגעגעסן מיט פלייש און פרוכט צו זאַט,
זיינען זיי צופרידן מיט זייער חלק,
און צו די גלוסטונגען פון זייער לייב
און צו געלעגער און צו ווייב
וועלן זיי זיך ליבערשט קערן
איידער צו נעמען די געפאַרן פון מיינע וועגן, —
זיינען מיר אַלץ איינס פאַרשיידן
און געצוואונגען זיינען מיר זיך צו שיידן.
אומזיסט איז אָבער דיין פאַרלאַנג,
אַז וויבאַלד, אָנגעפרעסן און אָנגעזויפן,
פאַרשטעלט די שווערקייט פון זייער לייב
דעם וועג פון האַרץ,
וואָס איז פון מיר פאַר זיי באַנומען,
און וויבאַלד זיי ווילן דעם שפּיץ ניט גרייכן, —
דערפאַר זאָל איך פונעם שפּיץ אַראָפּ —
פונעם שפּיץ, וואו איך, מיט אויגן נייגעריק
און דורשטיק, מיט אַ האַרץ געעפנט,
טרינק איך פון דער שיינקייט פון דער וועלט!

יהודה

ניט געשליפן איז מיין צונג צו רעדן,
אָבער ברייט אָפן פאַר ווייטזעונג
זיינען מיינע אויגן:
און צו עפענען אויך דיינע אויגן —

אויף אַלע שרעקן און געפאַרן —
בין איך דערפאַר צו דיר געקומען.

יוסף

פאַר דיין פריינטשאַפט
נעם צו מיין דאַנק! . . .

יהודה

מיט דיינע טרוימען, מיט דיינע רייד
וועלן פעלד און גאָרטן ניט זיין פאַרזייט,
און אויב שוין יאָ באַשערט איז מיר
צו דערמאָנונג רופן דיך, —
וועל איך צו דיין געוויסן ברענגען,
אַז אָט דאָרט, צו דיין רעכטער האַנט,
איז פון דיין שוועסטער, דינה,
דער פאַראומרייניקטער געצעלט . . .

יוסף

/מיט גרויס וואונדער:
פאַראומרייניקטער געצעלט? . . .

יהודה

דו פאַרלאָזט די הירטן,
ווערסט פאַרפאַלן צווישן בערג,
פרעמד ביסטו אין הויז פון יעקב,
וואו די שרעק פון בעדואינער
און די שאַנד און שפאַט פון פעלקער
שטערן די אַרבעט פון דעם טאָג
און דעם פרידן פון דער נאַכט.

יוסף

אויך איך באַנעם די שרעקן פון בעדואינער
און די שאַנד און שפּאָט פון פעלקער
איז אויך צו מיר ניט פרעמד,
און מיינע וועגן פון דיינע
זיינען פאַרשיידן בלויז דערמיט,
וואָס דו ווערסט זיך קעגן געפאַרן,
ווען ביסט שוין פון זיי געריגגלט,
און איך זוך די אורזאַכן פון זאַכן,

און — ווען זיי וועלן זיין אויסגעוואָרצלט,
וועט מיט זיי אינאיינעם ממילא פאַרשווינדן אויך די שרעק.

יהודה

וואַכנלאַנג געוואַנדערט האָסטו איבער בערג
און וואָס ס'איז דאָ געשען,
פאַרשטיי איך, איז דיר פרעמד, —
וועל איך קלאָר מאַכן מיינע רייד צו דיר: —
אין דעם לעצטן טאָג פון יאָנטעוו,
ווען אַרויס אין טאַנץ זיינען פון שכם די טעכטער,
ניט איינגעהאַלטן האָט זיך אונדזער שוועסטער דינה,
און פאַרטרוילעך און אָן זאָרג
איז זי קיין שכם אַוועק,
אַוועק קיין שכם, ווי צו גוטע שכנים,
צו פרייען זיך מיט זייער פרייד
און צו טאַנצן זייער טאַנץ.
און ווען דערזען האָט זי פון חמור דער זון,
האָט ער די געזעצן פון אונדזער הויז געבראָכן
און אויך געבראָכן די געזעצן פון זיין שטאַנד,
און — אונדזער שוועסטער געבראַכט האָט ער צו שאַנד . . .
צום הימל געשריען האָט דאָס בלוט פון הבל —
שרייט צו דיר ניט פון אונדזער שוועסטער די שאַנד?
זיבעציק מאָל האָט גערופן די נקמה פון תּובל־קין —
רופט צו דיר ניט פון אונדזער שוועסטער די נקמה?
רעדסטו, אָנשטאָט דעם, אַזעלכע מאָדנע רייד,
און אַ קלאַנג האָט זיך צו מיר דערטראָגן,
אַז, אָנשטאָט צו וואַשן דיין שוועסטערס שאַנד,
מיט נקמה אָנפילן דיין האַרץ
און אויסמעקן פון שכם דעם זכר, —
טרוימסטו גאָר מכּוח ליבשאַפט
און פון שכם אַ טאָכטער דעם געלעגער.

יוסף

איצט פאַרשטיי איך שוין פאַרוואָס היינט
זיינען מיט האַניק־זיסקייט
דיינע רייד געווען צו מיר געמישט: —
האָסט אין האַרצן שלעכטס פאַרטראַכט!
דו זוכסט דעם חורבן פון אַ לאַנד

און דו ווילסט אויך מיין חלק
אין דער נידערטרעכטיקייט פון דער זאַך!
און דו רעדסט צו מיר פון שאַנד!
צו שאַנד? . . .
אַ שאַנד וואָלט געווען ווען אונדזער שוועסטער דינה
וואָלט וועלן פאָלגן דיינע רייד,
וואָלט דעם באַגער פון איר האַרץ פאַרשוועכט
און איר לייב פאַר רתּאווה-זעטיקונג געגעבן
צו איינעם, וואָס איז איר דערווידער,
און צו ווען וועמען דו וואָלסט זי פאַרקויפט
פאַר עטלעכע לאָגלען מיט זאַפט פון טרויבן
און פאַר צאַלן פון שאָף און רינד.
און אַז אונדזער שוועסטער האָט אין ליבשאַפט
גענומען דעם דערוויילטן פון איר האַרץ, —
רופסטו עס מיטן נאָמען שאַנד,
און צו נקמה רופסטו מיך? . . .
און וויבאַלד געפונען האָב איך אין עדהן
די דערהויבונג און פון זעל דעם אימפעט, —
רופסטו מיך צו פאַרבייטן דאָס
אויף זעטיקונג פון שאָף
און פון רינד פאַרמערונג? . . .
ניין, ברודער! —
ניט אויף דיינע וועגן איז פאַר מיר דער גאַנג,
און ניט אין דיינע עצות פאַסט זיך מיין געמיט אַריין! . . .
ניט גענבעט האָט שכם מיין שוועסטער,
נייערט, ווען אין ליבשאַפט איז זי צו אים געקומען,
האָט ער מיט ליבשאַפט זי צו זיך גענומען,
און דערנאָך צו יעקבן איז ער אַליין געקומען
מיט מתנות און מיט האָב,
געהיט דעם מנהג פון די פעלקער
און די געבאָטן פון אונדזער הויז
און מיט יעקבן פאַרשניטן האָט ער אַ בונד פון בלוט,
געשניטן צוליב דעם די ערלה פון זיין לייב.
די ערלות פאַרן בונד געשניטן
פון אַלע זיינע קנעכט און דינער —
און עס ליגן קראַנק אַצינדער
אַלע זכרים פון אַ גרויסער שטאָט

צוליב דעם בונד פון איינעם,
ווען עס האָט געהייליקט
די ליבע פון זיין האַרץ! . . .
ווילסטו אָט די הייליקייט צעשטערן? . . .
און צו נקמה רופסטו פאַר אַ טאַט,
פאַר וועלכן ציען וואָלסטו זיך באַדאַרפט
מיטן פנים ביז דער ערד? . . .

יהודה

גענוג! כ׳האָב שוין פון דיר געהערט
אַלץ וואָס דערן האָב איך באַדאַרפט,
און אויך רעדן דאַרף איך ניט מער צו דיר.
אָבער געדענק: ווען אַ ברודער וויל פאַרראַטן
פון זיין פאָטערס הויזגעזינד דעם כבוד,
ווערט דער בונד פון בלוט צעריסן
און אויס ברודער ווערט ער דאַן . . .

יוסף

געזאָגט האָב איך דיר פריער,
אַז נעמען וועל איך וואָס איז מיר באַשערט,
גרייט בין איך איבער שטרויכלונגען צו פאַלן,
אָבער ניט צו קערן זיך צוריק.
נישט געוויילט האָב איך פאַר זיך די וועגן,
וואָס איבער זיי איז מיר באַשערט צו גיין,
נייערט כוחות, אין מיין אינגעווייד פאַרבאָרגן,
פירן מיך, וואוהין געפירט זאָל ווערן — איך!
אַריינגעטאָן האָבן זיך אין מיר די כוחות,
וואָס אור־אָבות האָבן פאַרצייטן נאָך געזייט
און זיך געפרוכפּערט און געמערט זיך
האָבן זיי פון דור צו דור
און בירושה ווערן זיי געגעבן
פון בראָוון פאָטער צו זיין דערוויילטן זון.
דאָס זיינען דאָך די זעלבע כוחות,
וואָס האָבן יעקבס לייטער צום הימל אָנגעשפּאַרט
און אים געגעבן מוט פאַר ראַנגל
סיי מיט גאָט און סיי מיט מענטש.
שפּראָצן יענע כוחות אין מיר מאַכטיק,
קאָן קיינער ניט רייסן זיי פון מיר,

און ווען זיי רופן מיך מיט זייער קול,
מוז איך זיי פאָלגן אפילו ווען צו פאָלגן
וויל איך דענסטמאָל ניט.
און זאָל מיט דערנער זיין מיין וועג פאַרלייגט,
איבער דערנער צו שפּרייזן בין איך גרייט,
און זאָל מיין האַרץ אַ פייל דורכשניידן,
געפינען וועל איך כיעס אין מיין וואונד.
וואָרן מיט אור־כוחות, פון בראשית אָן געזאַמלט,
טרייבן וועל איך די לעסטערער פון וואָר,
און מיט די פלאַמען פון מיין האַרץ,
וועל איך ברענען די וואָס גייען פאַלש.
דו, יהודה, האָסט דיינס געזאָגט,
ניט געלייקנט האָב איך אויך מיינס,
און וויבאַלד פון דיינע
פאַרשיידן זיינען די וועגן מיינע, —
פאַרנעם זיך דיר אויף לינקס,
וואָרן ניט אָפּטרעטן בין איך גרייט
פון מיין וועג אויף רעכטס.
איך באַוואונדער נאָר בלויז איינס: —
וואָס פון אַלע ברידער זאָלסטו, יהודה,
ווער מיט חכמה איז מער געבענטשט,
און וועמען ניט פרעמד עס זיינען
אויך פון האַרץ די געהיימע וועגן, —
אַז דו, יהודה, זאָלסט פון אַלע ברידער
צו מיר פון שלעכטס דער שליח זיין . . .
פאַרשטיין וואָלט איך בעסער קאָנען
ווען לוי אָדער שמעון
וואָלטן צו מיר געווען געשיקט.
אָבער — באַלד קאָן איך שוין יאָ פאַרשטיין, —
ניט געקאָנט טרויען האָסטו
דער גלאַטקייט פון זייער צונג
און אַז באַהאַלטן וועט קאָנען זייער מויל,
וואָס אין האַרץ איז ביי זיי פאַרטראַכט . . .
יאָ, נאָר דו, יהודה, האָסט געקאָנט קומען! . . .
אָבער — איך בין יוסף! און דער זון פון רחל!
און פון האַרץ די וועגן
האָט מיין מאַמע מיך געלערנט, —

אַז ניט נאָר זאָל מען אויף דעם דערוויילטן
וואַרטן קאָנען פערצן יאָר,
נאָר זאָל מען דעם לאַנג געגאַרטן
אויך צו אַ שוועסטער קאָנען געבן,
ווען געבראָכן איז פון שוועסטער דער געמיט . . .

**יהודה**

דאָן גיי זיך דיר דיין וועג!
געטאָן האָב איך, וואָס טאָן האָב איך געדאַרפט
און צו דיר מיין וואָרנונג האָב איך היינט געבראַכט,
און מיינע הענט און די הענט פון מיינע ברידער
זאָלן ריין זיין פון זינד,
וואָס קאָן באַפאַלן אונדזער הויז אַצינד.
און ווען אַמאָל דאָס געשריי פון דיין דהאַרץ זיך רייסן,
וועט עס זיין ניט דערהערט פון ברידער,
וואָרן עס גייען זיך פאַנאַנדער
צווישן אונדז די וועגן.
/צו דנען:
קום מיט מיר, דן!

/דן איז פאַרצווייפלט און קוקט אויף אַ צייכן פון יוספן.

**יוסף**

פאָלג דיין ברודער, דן!

/יהודה און דן אָפּ. עס קומען אָן מחנותווייז פאַסטעכער און שניטער, שטעלן זיך אויס צו זינגען און צו טאַנצן. יוסף טרעט אָפּ אָן אַ זייט, זעצט זיך אויף דער ערד און זיצט פאַרטראַכט.

**פרויען כאָר**

הידד, הידד, הידד, הידד . . .

**מענער כאָר**

הידד, הידד, הידד, הידד . . .

/זיי שטעלן זיך אויס און טאַנצן אין קאַראַהאָדן.

**די טענצער**

/זינגען:
רונד אַרום און רונד אַרום
פריילעך זיין זאָל אונדזער טאַנץ,

הידד, הידד, הידד,
דרייט זיך פלינק אין קאַראַהאָד.

{די צעשטעלן זיך אין שורות: מענער לינקס און פרויען רעכטס.

**פרויען כאָר**

דער טוי פון הימל
האָט די פעלדער גרין געדעקט,
און די זון פון הימל
האָט אין גרינקייט גאָלד געוועבט.

**אַלע אינאיינעם**

האָט אין גרינקייט גאָלד געוועבט.
הידד, הידד, הידד . . .

/זיי טאַנצן.

רונד אַרום און רונד אַרום,
אַ טאַנץ פאַר דער גאָלדן זון,
הידד, הידד, הידד,
פאַרן פעלד אַ קאַראַהאָד.

**פרויען כאָר**

ווען פאַרשווענדט איז פון דער זון
די היץ און ברען פון זומער־אימפעט,
ווען פון סערפּ דער קלאַנג
ווערט פון פעלד פאַרשוואונדן,
ווען ניט מער מיט ווייץ און קאָרן
איז דאָס פעלד געלאָדן,
ווען דער זומער, אַן אָפּגעלעבטער,
נייגט צום האַרבסט זיין עלטער,
און פאַרשוואונדן פון די פעלדער
קעפּלעך האָריקע פון זאַנגען
און פון שניטער — לידער קלאַנגען, —
באַווייזן זיך אין טאָלן הירטן
און היטער איבער זיי —
יונגען בראַווע.

און די יונגען מיט זיך ברענגען
פון דער ווייט צו אונדז אַ ליד

פון לבנונס צעדער שלאַנקע
און פון די בערג דער פלינקער אינד.
און דאָס ליד דאָס האַרץ דערמוטיקט,
ברענגט אין טאָלן באַרגיקייט אַריין,
און די אבלדיקע פעלדער
טוען זיך מיט לעבן אָן.

בראַווע בחורים, בראַווע יונגען,
זאָגט אונדז אויך און לאָמיר וויסן —
וואו אום זומער טוט איר זיך פאַרהיילן,
פון וואַנען, ווען עס קומט דער ווינטער,
ברענגט איר אונדז דאָס דערהויבן ליד?

## מענער כאָר

דאָרט, אויף שפיצן בערג,
וואו גוט־מאָרגן קומט צום ערשטן,
דאָרט, אויף שפיצן בערג,
וואו גוטן־אָוונט קומט צום לעצטן,
דאָרט פון וואַנען וואַסערפאַלן,
זאַפּנדיק פון צויבערוועלטן צויבערפאַרבן,
ברענגען צו דער נידער
פון סאַמע הויך די גערוסן;
בלאָזט אַ ווינטל דאָרט געמיטלעך,
פרישט בייטאָג די הייסע לופט,
זינגט ביינאַכט דאָס זילבער־ליד;
און די פעלזן, געטראָטן נאָר פון לאַנען,
שפּילן זיך מיט אים אַ וואָלקן־שפּיל:
שליידערט ווינט דעם וואָלקן,
שפּאַלט אים פעלז אויף שטיקער,
זאָגט מען אין דער נידער: —
אַ רעגן גיסט!
שרייען מיר פון דער הויך: —
ווי סע שיינט די זון! . . .

## אַלע אינאיינעם

זאָגט מען אין דער נידער:
אַ רעגן גיסט!

שרייען מיר פון דער הויך: —
ווי סע שיינט די זון! . . . .

רונד אַרום, און רונד אַרום,
טאַנצן מיר אויף בערג,
הידד, הידד, הידד,
איבער טאָלן אַ קאַראַהאַד.

### פרויען כאָר

בראַווע בחורים, בראַווע יונגען,
זאָגט אונדז אויך און לאָמיר וויסן: —
וואו נייגט איר ווינטער דאָס געצעלט,
פון וואַנען, ווען סע קומט דער זומער,
פאַרשווינדט מיט אייך דאָס דערהויבן ליד?

### מענער כאָר

עס קושט די זון דעם רעגנבויגן
אין דעם גרינעם טאָל,
און דעם שלאָף פון זילבער
שלאָפן טייכן דאָרט;
און מיט ווערבעס ביי די ברעגן
שפּילט זיך ווינט אַ שפּיל,
שעפּטשעט זיי אַ געזאַנג אין אויער,
ווערט עס צו דעם שלאָף אַ ליד.
און פול די לופט מיט ריחות
פון גראָזן, רויזן און נאַרציסן,
און די ערד באַדעקט מיט פאַרבן,
גרין מיט גאָלד און רויט געמישט.
און אין דעם קיל און שטיל פון אָוונט,
אַז עס שיט זיך זילבער אויף דער ערד,
קוקן מענטשן אַרויף צום הימל,
זאָגן: — די לבנה שיינט!

### אַלע אינאיינעם

און אין דעם קיל און שטיל פון אָוונט,
אַז עס שיט זיך זילבער אויף דער ערד,
קוקן מענטשן אַרויף צום הימל,
זאָגן: — די לבנה שיינט!

רונד אַרום און רונד אַרום
טאַנצן מיר אַ זילבער־טאַנץ,
הידד, הידד, הידד,
דורך דער נאַכט אַ קאַראַהאָד.

פרויען כאָר

בראַווע בחורים, בראַווע יונגען,
זאָגט אונדז אויך און לאָמיר וויסן: —
האָט איר ניט קיין שטענדיק היים?
וואו טוט איר ערגעץ בויען
פאַר דער געליבטער אייער נעסט?
זאָל וויסן די געליבטע אַוואו צו קומען,
זאָל וויסן די דערוויילטע
אייך אַוואו צו טרעפן!

מענער כאָר

זומער איבער בערג,
ווינטער איבער טאָלן,
וואו די שאָף געפינט זיך פאַשע,
דאָרט געפינט איר אונדזער היים.
וואו געטאָגט דאָרט ניט גענעכטיקט,
פרייער הימל איבער אונדז דער דאַך,
ווי עס בויט ניט ווינט פאַר זיך געצעלטן,
בויט פאַר זיך דער פאַסטעך ניט קיין היים.
אונטער דהימלען פרייע
איז זאַפטיקער פון האַרפּ דער קלאַנג,
און ווען דאָס ליד פון טאָל איז שוין געזונגען,
רופט דאָס האַרץ צום ליד פון באַרג.

אַלע אינאיינעם

זומער איבער בערג,
ווינטער איבער טאָלן,
וואו די שאָף געפינט זיך פאַשע,
דאָרט געפינט איר אונדזער היים.

רונד אַרום און רונד אַרום,
טאַנצן מיר אַרום די שאָף,
הידד, הידד, הידד,
געדרייט זיך לוסטיק אין קאַראַהאָד.

**דינהם קול**

/פון ווייט:

הײ! פֿאַסטעכער! שניטער!

**אַ מיידל**

הערט! מען רופֿט!

**אַ צווייט מיידל**

וועמענס רוף דערטראָגט זיך פֿון דער ווייט?

**אַ בחור**

ס'איז דינהס דער קול, וואָס איך הער.
לאָמיר גיין אַנטקעגן איר
און מיט געזאַנג און טאַנץ זי טרעפֿן.

/מיט אימפּעט און געשריי לויפֿן זיי אַוועק אין דער ריכטונג פֿון דינהס קול. יוסף הייבט זיך אויף פֿון דיין באַהעלטעניש און גייט אַוועק לינקס. חושים און צלה בלייבן איבער.

**צלה**

פֿאַרברוינט האָט שניט־צייט־זון מיין לייב
און מיט מאַזאָליעס האָבן סערפּ און זאַנג
מיינע הענט באַדעקט.
ליבסטו נאָך אַלץ דאָס מיידל,
וואָס צו דער ליליע פֿון טאָל
ווערסטו די ווייסקייט פֿון איר לייב
שוין מער ניט קאָנען גלייכן,
און וועמענס הענט צו גלעטן
זיינען שוין מער ניט צאַרט?

**חושים**

געציילט האָב איך די טעג,
געציילט האָב איך די נעכט,
ווען פֿאַרביי וועט שניט שוין זיין,
ווען נידערן וועל איך אין טאָל
און דיך, מיין ליבסטע, זען.
און ווען פֿאַרבלאָנדזשעט האָבן שעפּסן
און זיי גערופֿן האָט מיין פֿלייט,
האָט דער בת־קול פֿון מיין ניגון
אין מיין אייגן האַרץ געדרונגען

און פון בערג די עכאָס
האָבן בענקענדיק געקלונגען,
אַז נאָך מער ווי שאָף פון סטאַדע
בין איך פון דיר פאַרוואָגלט.
און אויף הויכע פעלזן,
ווען איך בין געשטאַנען
און דעם וויטן מרחק
האָט מיין בליק געגרייכט,
געגרייכט צום טאָל און אים אַריבער
און ביז צו דעם בלויען ראַנד פון ים,
און אויפן ים, וואו די זון פאַרגייט
און וואו אין נעבל בלויקייט זיך פאַרלירט, —
האָט אין יענעם צויבער
זיך ניט געשטעלט מיין בליק,
נייערט געוואַנדערט האָט ער ווייטער
און געזוכט האָט ער דעם טאָל,
וואו, געזאָגט האָט אים מיין האַרץ,
אַז מער פון טויזנט זונען
ליכטיקט ערגעץ דיין געשטאַלט.

ניט פאַרברוינען קאָנען טויזנט שניטצייט־זונען
אין מיינע אויגן דיין געשטאַלט,
וואָס אונטער דעם שלייער פון פאַרצויגן ברוינקייט
ווייסט זיך תמיד פאַר מיין געמיט,
ווי דער קאָפּ פון גרייזן חרמון,
פון מיטיק־זון באַלויכטן,
ווי די וואָלקנס פון מיטן זומער,
צו שפּיצנבערג געטוליעט.

עס קאָן ניט דער ברוינער זונען־מאַנטל
פאַרהיילן די ווייסקייט פון דיין לייב,
ווי עס קאָן ניט דיין העמד פון לינען
פון מיינע אויגן דיינע בריסט פאַרשטעלן,
וואָס צייכענען זיך ווי אינדן אויף פעלזן־שפּיצן,
ווען פון פאַרנאַכט די בלויע שאָטנס
טיילן שאַרף אַ גרענעץ צווישן הימל און דער ערד.

און אויב דורך די מאַזאַליעס,
וואָס האָבן דיינע הענט באַדעקט,
וועסטו צערטלען מער ניט קאָנען
די גליקלעכקייט פון מיין געזיכט,
דאַן זאָל פון מיין געזיכט די גליקלעכקייט,
צערטלען קאָנען דיינע הענט.

**צלה**

ליבסטער מיינער!

**חושים**

אַראָפּגעטראָגן פון באַרג צום טאָל
האָב איך שוין דיינט מיין געצעלט
און אונטער די ווערבעס, וואָס ביים טייך,
האָב איך אים דאָרט צעשטעלט.
ווייך אין אים מיט ציגנפעל
האָב איך דאָס בעט געבעט,
פיל אין אים מיט שוואָנענפוך
האָב איך קישנס געשטאָפּט. —
וועל איך אויף מיין געלעגער
צו מיינע אויגן דעם שלאָף ניט לאָזן,
וואַרטן וועל איך צו הערן
פון דיינע פיס די טריט,
וואַרטן אויף דיר
און אויף דיין קומען וואַרטן.

**צלה**

ליבסטער מיינער! געקומען צו דיר וואָלט איך גערן, —
איך טאָר אָבער ניט: שטרענג איז מיין פאָטער,
און שוין ווייט אין יאָרן איז ער פון יוגנט־געפילן אַוועק,
און ווי צו מיר, און ווי צו דיר, אויב צו דיר וועל איך קומען
און אײדער דעם אויסקויף האָסטו צו מיין פאָטער געבראַכט.

**חושים**

דאָס געזאַנג פון ליבע האָט מיין האַרץ געזונגען,
האָט דאָס געזאַנג פון ליבע אויך מיין פלייט געשפּילט,
און ווען דאָס דאָזיקע געזאַנג האָבן מיינע שאָף פאַרנומען,
האָט דאָס דאָזיקע געזאַנג מיינע שאָף דערוואַרעמט,
און פרוכטבאַרער פון אַלע הירטן זיינען מיינע שאָף געוועזן.

שאָף און רינדער, פּוך און וואָל,
און פון פּיקסלעך פּעלכלעך פּיל
פאַר אַן אויסקויף פון מיין ליבסטער
צו דיין פאָטער וועל איך ברענגען.

**צלה**

הס־ס־ס!
פון דער באַגעגעניש מיט דינהן
קערט דער עולם זיך צוריק.
לאָמיר אַוועק פון דאַנען!
צו שטילקייט לאָמיר גיין,
וואו בלויז ביימער און לבנה,
וועלן שטערן אונדז צו זיין אַליין.

/זיי גייען אַוועק אויף רעכטס. די זינגער און טענצער קערן זיך צוריק אינײנעם מיט דינהן.

**דינה**

/טאַנצט און זינגט:
רונד אַרום און רונד אַרום
פריילעך זיין זאָל אונדזער טאַנץ,
הידה, הידה, הידה,
דרייט זיך פלינק אין קאַראַהאָד.

טאַנצן שניטער ווען שוין געשניטן איז דאָס קאָרן,
טאַנצן פאַסטעכער ווען די שאָף איז שוין געשאָרן.

**אַלע אינײנעם**

טאַנצן שניטער ווען שוין געשניטן איז דאָס קאָרן
טאַנצן פאַסטעכער ווען די שאָף איז שוין געשאָרן.

**דינה**

/זינגט:
עס האָט זיך שוין דער מאָרגנשטערן
אין זיין רויזן קלייד באַצירט
און באַלד וועט שוין דער מזרח גערן
צעפלאַמען זיך אין פּורפּור־רויט.

שלאָפט שוין לאַנג דער נאַכטיגאַל,
זיין ליד פון ליבע אויסגעזונגען,

שלאָפט ניט בלויז אין בערג דער שאַקאַל,
שלאָפט ניט אויך דער פוקס אין טאָל.

שלאָפן אַלע ווען ליבע איז באַשערט,
און ווי שאַקאַל זוכט פאַרצוקונג,
זוכן אַלע טרייסט אין טאַנץ און ליד
וועמענס טרוים פון ליבע איז צעשטערט.

רונד אַרום און רונד אַרום,
טרייסט געפינט מען אויך אין טאַנץ,
הידה, הידה, הידה,
זאָרג פאַרגעסט זיך אין קאַראַהאָד.

## אַלע אינאיינעם

דער שניט פון פעלד איז האַיאָר געראָטן,
געפּרוכפּערט האָבן זיך אונדזערע שאָף און רינד,
אָבער ווען ס'זיינען געשיידט אונדזערע געצעלטן,
הערשט אין האַרצן טרויער אָנשטאָט פרייד, ליב קינד.

עס שלאָפט דער באָק ביי זיין געליבטער
און איר זיווג זוכט אפילו די פליג,
אַלץ וואָס לעבט אין וואַסער און אויף ערד,
זוכט אין ליבע פונעם לעבן דאָס גליק.

## מענער כאָר

הידה, הידה, הידה, הידה! . . .

אין מיין געצעלט איז דאָס געלעגער וויך געבעט,
און אין די שאָטנס שטילע פון דער נאַכט,
ליבסטע מיינע, זיס וועט זיין די ליבע,
אויף וועלכער מיר האָבן אַזוי לאַנג געוואַרט.

/מיט די פויקן אין די הענט טאַנצן זיי אין אַ קאַראַהאָד. פאַרלעכצוויז הייבן זיי זיך אָן אָפּטיילן און פאַרשווינדן אין דער פינצטערניש פון דער נאַכט. דינה בלייבט אַליין. זי מערקט עס נישט. זי טאַנצט עקסטאַטיש. אָבער באַלד, ווען זי דערהערט אַז ארום איר איז שטיל געוואָרן און זי קוקט זיך אום און דערזעט, אַז זי איז אַליין, בלייבט זי פלוצים שטיין פאַרעלנט, פאַרבענקט און פאַרצווייפלט. דער פויק

פאַלט אַרויס פון איר האַנט. זי צעוויינט זיך און גייט לאַנגזאַם אַוועק צום אַריינגאַנג פון יעקבס געצעלט.

**דינה**

פאָטער! . . . פאָטער! . . .

/יעקב באַוויזט זיך ביים אַריינגאַנג.

**יעקב**

טאָכטער מיינע!
אַליין שטייסטו דאָ אין דער שפּעטער נאַכט?
פאַרוואָס ביסטו ניט אין דיין געצעלט
און דאָרט אויף דיין געלעגער?

**דינה**

/וויינט:
פאַרוואָגלט איז דער שלאָף פון מיינע אויגן . . .
פאָטער, ביטער איז מיין געמיט! . . .

**יעקב**

טאָכטער מיינע!
די נאַכט פון בכורים איז היינט ביי אונדז,
און עס טאַנצט און זינגט סיי אַלט, סיי יונג. —
פאַרוואָס ביסטו נישט צווישן די טענצערינס,
און אויך צווישן די זינגערינס ביסטו ניט?
גיי, מיין קינד, און זאָלן טאַנץ און ליד
פאַרטרייבן דיין שלעכט געמיט!

**דינה**

עלנט בין איך צווישן די זינגער,
און אויך צווישן די טענצער
פעלט אויס מיין פּאָר . . .

**יעקב**

טרייסט זיך, טרייסט זיך, טאָכטער מיינע! —
אין געצעלטן צו וואוינען וועלן פאַרבלייבן די דזבורטעס דיינע,
און דיך וועט דיין באַשערטער, שכם, אַ קעניגס זון,
אין מירמלשטיין פּאַלאַצן פירן.

**דינה**

פאָטער! סע וועט מיר קיין גוטס ניט זיין . . .
פאַרקערט, עס זאָגט מיר שלעכטס מיין האַרץ!

עס ליבט מיך ניט דער פרינץ, פון חמור דער זון,
און בלויז ווייל ער האָט פּאַר מיינע ברידערס צאָרן מורא,
און ניט ברעכן קאָן ער די געזעצן פון זיין שטאָם,
וועט ער מיך אין זיינע פּאַלאַצן פירן.
פון מירמלשטיין די פּאַלאַצן זיינען דיק די ווענט,
און ווען די ליבע פּעלט, זיינען זיי אַ תפיסה . . .
און צו וואָס טויג אַ דאַך
אונטער וועלכן ליבע איז פאַרהיילן ? —
כאָטש ער ברענגט שאָטן קילן,
קומט ער אָבער אויך די זון פאַרשטעלן . . .

יעקב

נייע רייד רעדסטו היינט, מיין טאָכטער ! . . .
מיט אַ וואָך צוריק, ווען פרעגן האָב איך ביי דיר געפרעגט,
צי ווילסטו גיין קיין שכם
און צום קעניגס זון אַ ווייב צו זיין,
האָבן דיינע אויגן מיט שמחה זיך צעגלאַנצט.

דינה

אוי, פאָטער ! . . . וויי ! . . . איך ווייס ניט . . .
ביטער איז מיין געמיט,
און עס זאָגט מיר שלעכטס מיין האַרץ . . .
ווידערשפּעניקט אין זיין ליבע
האָט פון חמור דער זון . . .

יעקב

ווידערשפּעניקט, זאָגסטו ? . . . און דו גלויבסט עס ? . . .
וואָלט אַ ווידערשפּעניקער צוליב ליבע
זיינע געטער געקענט פאַרשטויסן ?
פאַרשטויסן זיי סיי פון זיך און סיי פון זיינע קנעכט
און מיט דעם גאָט אַ בונד פאַרשניידן,
וועלכער די געצעלטן פון זיין כלה היט ?
וואָלט אַ ווידערשפּעניקער אויף זיך
פון ערלה שניידן די יסורים אָנגענומען,
דערפאַר, וואָס דער גאָט פון זיין כלהס אָבות
פאַרלאַנגט אַזוי ? . . .

דינה

אויף זיין געלעגער קראַנק,
פון מילה־פּיין צעוויטיקט,

ליגט איצט פון חמור דער זון,
און אין זיינע יסורים טרייסט צו ברענגען,
האָט ער ניט נאָך מיר, נייערט נאָך ראובנס טאָכטער
זיין רייטוואָגן געשיקט . . .

**יעקב**

/דערשטוינט:

וואָס? . . . נאָך דער טאָכטער פון ראובן? . . .
און דו ווייסט עס?
ווער האָט דיר געבראַכט אָט דעם אָנזאָג?
פאַלש האָט מען דיר דערציילט!
פאַלש, טאָכטער מיינע! . . .

{דינה פאַלט צו צו יעקבן און וויינט. יעקב נעמט זי אַרום און טרייסלט זיין גרויען קאָפּ. ער פירט זי אַריין צו זיך אין געצעלט. פון דער ווייט דערטראָגט זיך אַ שטילער פייף. פון לינקס קומט אָן יהודה. ער ענטפערט אויפן פייף. ער איז זייער אומרואיק. ער קוקט אין דער ריכטונג פון רעכטס, ווי ער וואָלט געוואַרט אויף עמיצנס אָנקומען פון דאָרט. אומרואיק שפּאַצירט ער הין און צוריק. עס דערהערט זיך באַלד נאָך אַ פייף און אַ סך נאָענטער. יהודה ענט־פערט. עס קומען האַסטיק צוגיין שמעון און לוי. יהודה לויפט זיי אַנטקעגן.

**יהודה**

איז גוט די בשורה, וואָס איר ברענגט מיט זיך?

**לוי**

אָפּגעווישט פון דער ערד איז די שטאָט שכם,
און פון אירע איינוואוינער איז קיינער ניט געבליבן
דעם חורבן צו באַקלאָגן.

**שמעון**

אונטערגעצונדן האָט אליפז די שטאָט פון אַלע פיר זייטן
און קיין איינער פון אירע איינוואוינער איז ניט אַנטרונען געוואָרן,
און קיינער איז ניט געבליבן צו מאָנען איר ירושה.

**יהודה**

זייט איר זיכער אַז פון דער שטאָט
איז קיינער ניט אַנטרונען געוואָרן?

לוי

אליפז מיט זיינע מענטשן האָבן שכם אַרומגערינגלט פון אַלע זייטן,
און ווען איינער וואָלט פון שטאָט אַנטרונען,
וואָלט ער אַריינגעפאַלן אין זייערע הענט.

שמעון

קיין אָנזאָגער איז ניט געבליבן יעקבן,
אונדזער פאָטער, צו ברענגען די בשׂורה:
קיין איינער איז ניט געבליבן צו קומען און דערציילן
און אין די אויגן פון די פעלקער אונדזער נאָמען צו פאַרדאַרבן.

לוי

דינה איז די איינציקע, וועלכע וועט דערפון וויסן.
דינה וועט יאָ וויסן, אַז ניט אליפז, נייערט מיר
האָבן דאָס שלעכטס פאַרטראַכט און אליפזן האָבן מיר
געדהאַלפן דורכפירן דעם טאָט.

יהודה

פרידן וועט צו אונדז פון דינהן קומען.
מיט דעם געפיל פון באַליידיקונג און מיט דעם דורשט נאָך נקמה
איז אָנגעפילט איר האַרץ . . .

און וואו איז די שאָף פון שכם? און די רינדער?
און זייערע קעמלען און אייזלען זיינען וואו?

לוי

אויפן וועג קיין דותן האָבן מיר זיי געשיקט.
און ביז דער מאָרגנשטערן וועט אויף זיין,
וועלן זיי שוין דאָרטן זיין.

יהודה

און איבערגעלאָזט האָט איר זיי אויף וועמענס הענט?

שמעון

אויף די הענט פון שחור.

יהודה

וואָס? אויף די הענט פון שחור? . . .
אויף די הענט פון אַ קנעכט?

שמעון

שחור איז אונדז געטריי.

יהודה

געטריי, זאגסטו ? . . . א קנעכט און געטריי, זאגסטו ? . . .
ווי ! אומזיסט די אַרבעט, אומזיסט די מי,
און אומזיסט דאָס בלוט, וואָס פאַרגאָסן האָבן מיר . . .
בלוט פאַרגאָסן האָבן אונדזערע הענט
און די ירושה פון שכם וועט אַריינפאַלן צו פרעמדע . . .

שמעון

קיינער איז ניט געבליבן,
וואָס זאָל ירשנען פון שכם דאָס האָב און גוטס.
די איינציקע יורשטע איז דינה.
ווייל דינה, געבליבן אַלע, איז די ווייב פון שכם
פון חמור דעם זון געווען.
פאַרבליבן איז קיין איינער,
וואָס זאָל דאָס קאָנען לייקענען.

יהודה

ווי ! ווי ! . . . קיין איינער איז געבליבן,
וואָס זאָל דאָס קאָנען לייקענען, זאָגסטו ? —
אָבער ווען שחור זאָל, שטאָט צו דורטן,
די שאָף און רינד פאַרטרייבן אין אַן אַנדער אָרט,
איז דאָך קיינער ניט געבליבן צו באַווייזן,
אַז דינה איז שכמס ווייב יאָ געווען . . .

שמעון

פרידן ! פרידן ! איך אַליין וועל זיך איילן צו די שאָף,
און מאָגען זאָלסטו זיי פון מיר און מיינע קינדער,
אויב איך וועל ביזקל פרימאָרגן
ניט ברענגען זיי קיין דותן.

/ער גייט אַוועק אויף רעכטס.

לוי

אויף אונדזער שוועסטער, דינהן, ווייטיקט מיין האַרץ:
שטאַרק צו שכמען איז געווען איר ליבשאַפט.

יהודה

יונג איז דינה.
און אין יונגשאַפט לויפט שנעל די ליבע
צו אַ בעסערן אַוועק.

לוי

ניט בעסער איז אליפז פון חמור דעם זון.
און צוגעזאָגט אונדזער שוועסטער האָבן מיר דאָך צו אים —
פֿאַר זיין אַרבעט אין שטאָט שכם.
און דעם צוזאָג וועלן מיר מוזן האַלטן!
וואָרן שטאַרק איז אליפז
און זיינע חיילות זיינען פיל.

יהודה

זאָל מען דיך ניט איינריידן און זאָלסט ניט גלויבן,
אַז אמתדיק געליבט האָט דינה פון חמור דעם זון.
מאַרמאָרנע פּאַלאַצן, ווי פון מצרים די פּאַלאַצן,
האָט ער איר פֿאַרשפּראָכן,
און ט׳זי איינגערעדט,
אַז אויף טעפּיכער פון שנער
וועלן טרעטן אירע פיס,
און טויזנטער דינער
באַדינען וועלן זי;
טויזנטער פֿאָנטאַנען
וועלן די לופט פֿאַר איר באַפרישן,
און אין די טויזנטער וועלן קוואַלן
שפּיגלען איר געשטאַלט;
אירע בעטן וועלן זיין פון גינגאָלד,
ליליעס און רויזן אונטער אירע פיס, —
דאָס אַלץ האָט ער איר פֿאַרשפּראָכן
און זי — האָט זיך איינרעדן געלאָזט.
אַזוי ווי אונדזער ברודער, יוסף,
רעדן שיין האָט ער געקאָנט,
און מיט דער שיינקייט פון זיינע רייד
געפֿאַנגען האָט ער אונדזער שוועסטערס האַרץ.
אָבער איצט, ווען דינה האָט שוין פֿאַרשטאַנען,
אַז פֿאַלש זיינען פון זיין מויל די רייד,
און אַז, אַנשטאָט איר, האָט ער ראובנס טאָכטער
פֿאַר זיין ליבהאָבערן דערוויילט, —
האָט אין איר צעברענט זיך שטאַרק איר צאָרן,
און געשוואָרן טריישאַפט האָט זי צו אליפזן —
אויב ער וועט פון שכמען פֿאַר איר נקמה נעמען.

און רעדן מיט איר האָב איך גערעדט,
און צו פֿאַרשטיין פֿאַרשטייט זי שוין אַצינד,
אַז מאַרמאָרנע פּאַלאַצן
זיינען נאָך פֿון תּפֿיסות ערגער,
ווען די ליבשאַפֿט פֿעלט אין זיי.
אַנדערש איז אליפֿז:
אויב עס פֿעלן אים פֿון מאַרמאָר די דאָזיקע פּאַלאַצן,
פֿאַרמאָגט ער אָבער די ברייט פֿון מדבר
און די פֿרייקייט זיינע;
אויך פֿאַרמאָגט אליפֿז
פֿון די בערג די הויך.
אין די אָרעמס פֿון אליפֿז
וועט דינה שנעל פֿאַרגעסן
צו בענקען נאָך דעם פּרינץ פֿון שכם.

לוי

טרויערן וועט אויך יוסף
אויף דער פֿאַרטיליקונג פֿון זיינע פֿריינט.

יהודה

יוסף . . . דערמאָן מיר ניט זיין נאָמען! —
ניט פֿאַרביטער מיין געמיט!
יוסף וועט ניט רוען
און וועט נאָכפֿאָרשן אונדזערע וועגן,
און אַז ער וועט דאָס האָב און גוטס פֿון שכם
אין אונדזערע הענט געפֿינען, —
וועט זיך דער צאָרן פֿון זיין האַרץ דערוועקן,
און — אויף אים איז מיר גלויבלעך —
ער קען נאָך גאַנצע פֿעלקער
אָנרייצן אויף אונדז.

לוי

מען דאַרף זיך קליגן
און זיך דורכריידן מיט אים.

יהודה

איך האָב שוין מיט אים גערעדט,
אָבער מיינע רייד האָט זיין אויער ניט פֿאַרנומען —
מיט מלחמה אויף גאָט און פֿרידן צווישן מענטשן

איז גאָר זיין האַרץ און זיין געדאַנק פאַרטאָן . . .
ווי צו די זין פון לאה,
וואָס די בכורה איז אין יוספס הענט ! —
שוין דברט ער זיך מיט די קינדער פון דינסטן —
מיט די זין פון בלהה און פון זלפה —
און פאַרמיידט די באַגעגעניש מיט אונדז.
און פאַר ליבשאַפט האָט ער — עדהן,
אַ טאָכטער פון כנען — זיך דערוויילט . . .
און אפשר טוט ער זיך אויך קליגן —
מיט דער הילף פון כנען
און מיט דער הילף פון די דינסטנס קינדער —
צו ווערן הערשער איבער אונדז . . .

לוי

דו ביסט דאָך קלוג און פול מיט עצות —
גיב זיך אויך מכוח יוספן אַן עצה !

יהודה

/אַנטשלאָסן :
יוסף מוז מאָרגן געבראַכט ווערן קיין דותן !

לוי

/פאַרוואונדערט :
קיין דותן ? . . . צו באַגעגענען די רויב,
וואָס מיר ווילן פון אים באַהאַלטן ? . . .

יהודה

ניט צו באַגעגענען זיך מיט רויב,
נייערט — מיט זיינע ברידער ! . . .
אויך — צו דערווייטערן אים פון יעקבס געצעלט ! . . .

לוי

אויך איז דנס נחלה דאָרט דערביי
און ער פיטערט דאָרט זיינע שאָף.

יהודה

פרידן וועט צו אונדז פון דנען קומען.
איך האָב שוין מיט אים גערעדט.
געטראָפן האָב איך אים פריער
מיט יוספן אויף זיין שפּאַציר,
און ווען, פאַריאושט, בין איך פון יוספן אַוועק,

האָב איך דנען מיט זיך גענומען,
און אין דעם נאָמען פון לאַהס זין
האָב איך מיט אים אַ בונד פאַרשניטן,
אַז גלייך וועט זיין זיין חלק
און דער חלק פון זיינע ברידער
אין דער ירושה פון יעקבס הויז, —
אויב צו אונדז, אַנשטאָט צו יוספן,
זאָל זיך קערן זיין געמיט.
און מיט נפתלי גד און אשר
וועט אַצינד איבעררייד דן אַליין
און זיי אויך אַריינברענגען אין בונד.

**לוי**

און אין דותן מיט יוספן וואָס וועלן מיר טאָן?

**יהודה**

עס לאָקערן פיל בייזע חיות
צווישן דאַנען און די פעלזן פון דותן —
קען דאָך אַ חיה אים צומאָל אויך פאַרצוקן . . .

**לוי**

/באַגרייפט ניט:
וואָס? . . .

**יהודה**

שאַ, עמיצער קומט . . .
/זיי באַהאַלטן זיך. עס קומען אָן יוסף און עדה. זיי זעצן זיך
ביים ברונעם.

**יוסף**

געבענטשט זאָל זיין דיין קומען, עדה!
אין דער ביטערקייט פון מיין געמיט
ברענגט מיר זיסקייט דיין געשטאַלט —
זיסקייט און אויך מוט.
לעג דיין קאָפּ אויף מיין ברוסט
און זאָל דיין נאָענטע באַרירונג
מיט מוט באַנייען מיין צעוויטיקט האַרץ.

/זי טוליעט זיך צו אים. ער נעמט זי אַרום, גלעט אירע האָר, קושט
זי. פויזע.

יוסף

רעד צו מיר, עדה!
און זאָל די ריינקייט פון דיין געדאַנק
געבן מיר באַגייסטערונג און נייעם כוח,
אַז איך זאָל קאָנען אויסשטיין
די אומריינקייט און קליינקייט פון פאַרנעם,
וואָס רינגלען מיך אַרום.

עדה

ליבסטער מיינער!
וואָס האָט אַזוי שווער געמאַכט דיין געמיט?
פאַרוואָס האָסטו מיך היינט —
אין דעם גרויסן יום־טוב פון בכּורים —
באַגעגנט מיט אַזויפיל טרויער,
וואָס ניט נעכטן און ניט אייערנעכטן
בין איך געוואוינט געווען אין דיר צו זען?
די נאַכט איז היינט פול מיט ליד און מיט טאַנץ,
און ווען איך האָב דיך געזוכט צווישן זינגער און טענצער,
האָב איך דיך דאָרט ניט געפונען.
און איצט זע איך דיך, און נישט נאָך דיין געוואוינטקייט,
אַז אויף דער נאַכט פון ווי
האָסטו די נאַכט פון פייערונג פאַרביטן.

יוסף

דאַרפן דען גרויסע זאַכן געשען,
אַז אַ צאַרט האַרץ זאָל וויטיקן דערפילן?
פעלזן איז מיט אייזן שווער צו שפּאַלטן,
אָבער די צאַרטע האַנט פון אַ שניטערין
צעשטעכן קען אפילו אַ מדבר־דאָרן . . .
און אַ וואָרעם, וואָס איז נידעריק און אומבאַהאָלפן,
וואָס ווערט מיט די פיס געטראָטן
און ניט ער שרייט, און ניט ער ווערט אפילו באַמערקט,
און דאָך, און אַז ער, אומגערן,
צעקוועטשט זאָל ווערן צווישן די הענט, —
און פון עקל צו באַפרייען
וועט זיין שווער דאָס האַרץ, —
ווייל עמפינדלעך איז אַ האַרץ . . .
אָבער איצט לאָמיר וועגן דעם ניט רעדן,

וואָרן איצט בין איך צופרידן,
וואָרן דער אָטעם פון דיין מויל
האָט איצט איבער מיר געשוועבט,
דערפרייט מיין האַרץ
און מיין געמיט דערפרישט . . .

עדה

ווער זיינען די ווערים, וואָס האָבן זיך צעקוועטשט אין דיינע הענט ?
ווער זיינען די דאָרנס, וואָס האָבן דיינע הענט צעשטאָכן ?

יוסף

ווער ? . . . ווער ? . . . ווער זיינען זיי ניט ? —
אַלע ! . . . אַלע ! . . .
איך טרעט פאַר זיך אַ וועג,
דורך דעם מדבר אַ דורכגאַנג וויל איך לייגן, —
און זיי, פון אַלע זייטן, ווי בייזע גייסטער,
גלגולים פון ווערים און פון קריכער,
גלגולים פון אונטערערדישע טמא שרצים,
רינגלען מיך ווי אַ קרעץ אַרום,
זשיפּען ווי די שלאַנגען, וואַרפן גיפט,
און מיט זייער ניט פאַרשטיין,
און מיט דעם קריץ פון זייערע ציין,
און מיט העסלעכקייט און שפּאָט
לייגן זיי שטרויכלונגען אונטער מיינע פיס.

עדה

דו ציטערסט. ס'איז דיר קאַלט.
די לופט פון אָוונט איז פריש.
טוליע זיך צו מיר —
איך וועל דיך דערוואַרעמען.

יוסף

/טוליעט זיך צו איר:
יאָ, ס'איז פריש די אָוונט-לופט —
זאָל דערוואַרעמען מיך דיין לייב.
לייג דיינע הענט אַרום מיין האַלדז . . .
אָט אַזוי . . . איצט איז מיר גוט !

עדה

ליבסטער ! . . . ליבסטער מיינער ! . . .

יוסף

צווישן די טעכטער פון כנען
איינציק ביסטו, עדה! . . .

עדה

צווישן די בחורים פון כנען
איינציק ביסטו, יוסף,
אין וועמענס הענט אַ פּאַסטוכס שטאָק
זעט ווי קעניגס צעפּטער אויס.

/פויזע

יוסף

אַ צעפּטער . . . דו האָסט געטראָפן . . . יאָ,
דער צעפּטער פון אַ קעניג! —
אויך דאָס איז אָבער ווייניק! . . .
זאָל עס זיין פון ליכט דער קעניג! . . .

/פויזע.

יוסף

דו, עדה, ביסט די איינציקע,
וואָס האַלט דאָס גלויבן נאָך אין מיר!
פון די איבעריקע באַגעגן איך שאַנד, און שפּאָט,
און . . . קנאה! און ווען, אַרומגערינגלט
מיט פיינט און שטערער, מיט לעסטערער און שפּעטער,
וועט מיין געמיט פאַרצווייפלט ווערן, —
זאָל דיין באַרירונג, עדה
אויך דאַן ניט ווערן אָפּגעטאָן פון מיר!
און באַגייסטערונג, אויב ס'וועט אָפּגעטאָן ווערן פון מיר, —
זאָלסטו זי מיר ברענגען צוריק!

וואָרן, אַזוי ווי די זון, די זון פון גענאָד,
וואַרעמקייט און ליכט,
די זון פון זעונגען און לעבן, —
שאַפט וואָלקנס, מיט וועלכע
זי פאַרשטעלט זיך אַליין; —
און אַזוי ווי בויונג פון אַ גרויסן בנין,
פון מאַכטיקע פּאַלאַצן
און פעסטונגען מיט ריגלען, —

רינגלען אַרום די ווענט פונעם בנין
מיט ברעקלעך ליים און ציגל, שטויב און פּולווער —
אַזוי אויך זיינען די מעשים פון די מענטשן:
אין זייער סאַמע שיינקייט —
דורך דעם אימפּעט פון זייער טואונג, —
וועקן זיי פון פינצטערניש די מחנות
און פון חושך די לצנים . . .
לויערן תּמיד איבער אונדזער קאָפּ די זעלבע רוחות,
וואָס האָבן איבער בבלס טורעם דאָן געשוועבט,
ווען ברידער, וועלכע האָבן נעכטן אינאיינעם
פאַר זיך געלייגט אַ וועג צום הימל, —
האָבן ברודערשאַפט פאַרגעסן היינט
און מיט די ציגל פון זייער בויאונג
געשפּאָלטן האָבן זיך איינס דעם צווייטנס קאָפּ.

ליבסטע מיינע!
אויב געשטרויכלט זאָלן ווערן מיינע פיס,
און זאָל אויף אַ רגע ווערן אָפּגעשטעלט מיין גלויבן,
און אין דעם דאָזיקן פאַרצווייפלטן מאָמענט
זאָל פעלן מיר אויך אָנהאַלט —
דער אָנהאַלט פון דיין ליבע,
וואָס איז איינציק אין מיין האַרץ, —
וועל איך, באַגלייט פון שפּאָט און שאַנד,
און באַגעגנט מיט הילכיקן געלעכטער, —
גלייך אין אָפּגרונט פאַלן,
און — פאַרלוירן בין איך דאָן אויף אייביק
אינאיינעם מיט מיין אַרבעט
און אינאיינעם מיט מיין מי . . .

ווען משופּע באַרג אַרויף
ציט זיך דער וועג צו ליכט,
און שווער איז ער און גליטשיק, —
מע דאַרף קלעטערן אָן אָפּשטעל —
פאַר רו און איבערלייגונג איז ניטאָ קיין צייט —
וואָרן, פאַרלירן הענט און פיס אַן אָנהאַלט אויף אַ רגע,
קאָן דער מענטש ניט הענגען אין דער לופט,
נאָר, פאַרלוירן, פליט ער אין אָפּגרונט גלייך אַראָפּ . . .
און — פאַרצווייפלט איז פאַר דעם קלעטערער דער וועג.

ווייל אונטן איז דאָ אַ טאָל,
און דאָרט איז פרידן, רו! . . .
און דער טאָל, ווי פון מדבר די מיראַזשן,
רופט, רופט צו זיך . . .

אוי, עדה, אנגענעם איז די נאַכט פון באַפרוכפּערונג,
זי פירט אָבער צום בראָכשטול־ווײ . . .
און ווײ צו דער קימפּעטאָרין,
וואָס האָט ניט דעם מוט צו געבוירן! . . .
און ווען צום פרייען ווילן אונטערטעניקט
וואָלט זיך פון געבוירן דאָס געזעץ, —
ווײ, וויפיל קינדער
וואָלטן דאַן געוועזן פאַרלוירן! . . .
און איך — רוף צו מענטשן,
אַז אָן דעם נדר פון באַפרוכפּערונג,
זאָלן זיי גלייך צום בראָכשטול גיין . . .

עדה! זאָלן דיינע הענט אָנפילן דעם קרוג מיט ווײַן,
פון וועלכן מיר ביידע וועלן טרינקען!
מענטשן, וואָס רינגלען אונדז אַרום,
פאַרטועען די ברויזיקייט פון ווײַן
אויף געשמאַקן שלאָף,
אָבער אונדז וועט זי צום לעבן רופן! . . .

עדה

פון מיין פאָטערס אוצרות גאָלד און זילבער,
פון מיין מאַמעס ירושה פערל און בראַנזלעטן,
פון מיין וועבשטול די איידלסטע זייד און לינען —
וועל איך צו די פריסטער פון די געטער טראָגן,
אַז זיי זאָלן פאַר דיר, יוסף, צו דיין לייבן־האַרץ
אויסבעטן אין תפילות אויך די נעגל פון אַ לייב.

יוסף

די נעגל פון אַ לייב? —
ניין, שטאַרקער! מאַכטיקער!
איך ווייס וואָס ס'זיינען די נעגל פון אַ לייב! —
יהודהן צו אַ לייב האָט מען אַמאָל פאַרגליכן —
איז געקומען היינט צו מיר אַט דער לייב,
פאַר אַ שעפעלע זיך פאַרקליידט,

צוערשט מיט האָניק־זיסע רייד,
און דערנאָך — האָט ער ברומען אָנגעהויבן,
מיר געדראָעט, מיך איינריידן געוואָלט,
אַי מיט גוטן, אי מיט בייזן,
אַז אין געהאָרכזאַמקייט צו עפּעס אַ כוח,
וואָס מיט קרעץ און טויט באַגנאַדיקט ער די וועלט, —
וועלן מיר אונדזער זיכערקייט געווינען . . .
אַ לייב . . . ער ברומט טאַקע און צערייסט אַפילו,
ווען ניט אָנגעפילט איז מיט פלייש זיין בויך,
אָבער ווען מיט פאַרצוקונג איז אָנגעפילט זיין אינגעווייד, —
מילד און שלעפעריק ליגט ער אין זיין בערלאָגע
פון ערד און שטויב . . .
אוי, ווען מיין פאָטער וואָלט צו אַלע מיינע ברידער
געגעבן מיט די שטאַרקייט פון זיינע הענט,
אויך די ירושה פון זיין שטאַרקן גייסט, —
פון יענעם גייסט, וואָס מיט אַ געץ אין מדבר
האָט ער זיך געראַנגלט דורך דער נאַכט
און אים בייקומען געקאָנט, —
ווי שנעל פון מיין חלום וואָלט אַ ווירקלעכקייט געוואָרן! . . .

עדה

ווען דיין פאָטער וואָלט זיין גייסט
צווישן אַלע זין צעטיילט,
אַ צוועלפטן חלק בלויז וואָלסטו פאַרמאָגט,
און שוואַך וואָלסטו געווען
דיין גרייכונג צו דערגרייכן.

יוסף

אָבער איצט שטיי איך איינער
אַנטקעגן צען פון מיינע ברידער,
און פון דער רייכקייט פון מיין געמיט,
און פון דער ברייזיקייט פון מיין האַרץ,
און פון דער לעכצונג פון מיין זעל —
עלף חלקים אויף ווידערשטאַנד
ווערט פון מיר גערויבט, —
און קליין איז דער חלק
אויף בויונג וואָס פאַרבלייבט.

**עדה**

ניט צו ווידערשטיין גיב פון זיך חלקים,
נייערט בוי!
און געדולד, מיין פריינט, און מוט! —
און דערוואַכן וועלן הערצער,
אפילו ווייטע פון דערוואַכונג,
און טראָגן שטיינער צו דיין בנין
וועלן אפילו די — פון אַצינדערט דיינע פיינט!
אויסגעטראָטן וועט זיין דיין וועג מיט בלומען,
און היטן וועט מען דעם צייכן פון דיין האַנט,
און מענטשן פיל, ווי דער זאַמד ביים ברעג פונעם ים,
וועלן פאָלגן דיין באַפעל!

אָבער . . . אָבער, יוסף . . .
אויב ס'וועט די מאַכט פון דיינע שונאים
זיין שטאַרקער פון דיין געמיט, —
וואָלסטו צו מיין פאָלק מיט מיר אַנטלאָפן
און אין מיין פאָטערס געצעלט באַהאַלטן זיך מיט מיר? —
אַהין וועלן שונאים דיך ניט גרייכן,
וואָרן היטן וועט אונדז דאָרט די געטין אשרה —
פון באַפרוכפּערונג און ליבע די גרויסע מוטער,
און אפילו פון די בליצן און די דונערן
פון דעם גאָט פון דיינע אָבות
קאָנען וועט זי שיצן אונדז.

**יוסף**

ניין, קינד! וואָס קאָן מיר געבן
דער קילער שאָטן פון די באַלקעס פון דיין הויז,
אויב ניט פאַרענדיקט וועט מיין אַרבעט בלייבן . . .
פון זיך אַליין וועל איך מוזן דאַן אַנטלויפן,
ווי אַ פּחדן, ווען מען ווייסט איז ניט ווערט די אַרבעט,
וואָס ער האָט אויף זיך גענומען! . . .
דיינע אָרעמס ווייך און צאַרט, דיינע בריסט,
און פון דיין לייב די בשׂמים
וועלן ניט קאָנען אויפהאַלטן פון מיין קאָפּ די שווערקייט,
אַן האָפנונגען וואָס וועט זיין.
לייכט און האַלט זיך ווי אַ פעדער אין דער לופט
איז דער קאָפּ, וואו האָפנונגען זיינען פול, —

שווער איז דער קאָפּ פון איינעם וואָס פאַרלירט . . .
דער הויך־געהויבענער און שטאָלצער קאָפּ
מעג אַמאָל רוען אויף די בריסט פון זיין געליבטער,
אָבער אַ קאָפּ, וואָס איז געזונקען,
קאָן אים שוין די ליבע קיין דערמונטערונג ניט ברענגען.
פאַר באַגייסטערונג איז דאָס ווייב צו מאַן געגעבן,
און אַז פון וואָס באַגייסטערט צו ווערן — איז שוין ניטאָ,
איז איבערדריסיק פון ווייב דאָס געלעגער . . .
צו רייצן פאַרהיילענע תאווה איז דער פרוי געגעבן,
און אויב פון תאווה איז דאָס האַרץ געמינערט,
וועט די פרוי קיין תאווה שוין ניט שאַפן . . .

/ער שטייט אויף. זי בלייבט זיצן מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ.

האָב איך דיר ווי געטאָן, קינד?
פאַרוואָס ביסטו אַזוי זיצנדיק פאַרבליבן?

/זי שווייגט.

ווי צו טאָן האָב איך דיר ניט געמיינט,
פאַרגיב מיר, עדה! . . .

/ער הויבט אויף איר אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ.

ליבסטו מיך נאָך, קינד?
אָדער אפשר האָט מיין שטרענגקייט
די ליבשאַפט אין דיין האַרץ דערשראָקן? . . .

עדה

ד, העלד! . . . פרינץ! . . . גאָט! . . .

יוסף

הער זיך איין צו דיינע אייגענע רייד
און פאַרשטיין וועסטו אַליין,
אַז ניט ווייל יוסף איז מיין נאָמען,
גיסטו מיר דיין ליבע,
נייערט, ווייל העלד, פרינץ, גאָט
זעסטו איצט אין מיר; —
זאָל אָבער, אין דיין זעונג,
אָפּטאָן זיך דער גאָט פון מיין געשטאַלט,
און פאַריאָגט, און פאַרפאַלגט,

מיט אָפּגעשוואַכטע הענט, מיט ציטערדיקע קני,
זאָל איך ווי אַ בעטלער ביי דיר גלעגער בעטן, —
וועל איך ניט בעסער זיין אין דיינע אויגן
פון דיין פּאַטערס קנעכט —
און פאַרוואָס זאָלסטו מיך ליבן דאַן? . . .

עדה

צו דיר מיין ליבע
וועט קיינמאָל, קיינמאָל
אין מיין האַרץ ניט שטאַרבן . . .

יוסף

ניין, עדה! ניט סתם מענטשן ליבט דער מענטש,
נייערט דעם מענטשן, וואו ער אַנטפּלעקט פון זיין אייגן גייסט!
און אויב אויך אין מיין געפאַלנקייט
וועט דיין ליבע זיך פון מיר ניט אָפּטאָן,
וועט עס זיין מער ניט דערפאַר, וואָס אין דיין זכרון
און אין דיין זעאונג וועט בלייבן אויסגעקריצט
דער יוסף, וואָס שטייט אַצינד פאַר דיר,
און יענעם, דערהויבענעם יוסף, וועסטו אין דעם געפאַלענעם אַריינטאָן.
אָבער איך, דער פון היינט דער יוסף, וועט שוין לאַנג זיין טויט . . .
וויי צו דער ליבע,
וואָס איז אַזוי דערנידעריקט,
אַז אויף דעם יחוס פון אַמאָל
מוז זי אירע וואָרצלען שלאָגן! . . .

עדה

עס געבוירט אין קימפּעט ניט דער באַרג אַ מויז,
און פון די געדעריים פון אַ לייב גייט ניט אַ שמעטערלינק אַרויס,
נייערט פון דעם דיך פון דעם קעניג איז אַ פּרינץ דאָס קינד.
און אויב פון עדהן האָסטו היינט דערמוטיקונג געבעטן,
פון וואַנען וועט זי דיר דערלאַנגען מוט,
אויב קיין מוט פאַרמאָגט זי ניט אַליין?
אָבער אויב מיט מוט איז רייך איר קוואַל, —
פאַרוואָס האָנט אין האַנט ווילסטו מיט איר ניט גיין? —
און אויב פאַלן וועט יוסף, זאָל מיט אים אויך עדה פאַלן!
און ווען דער גייסט פון עדהן וועט שטאַרקן יוספס גייסט,
זאָל דער גייסט פון יוספן דאָס זעלבע צו עדהן טאָן!
זאָלן אַזוי זיין דיינע רייד,

וועסטו אין דיין געפאַלנקייט
מיין געלעגער ניט דאַרפן זוכן,
ווייל וועסט לכתחילה זיך פון אים ניט שיידן.

/פאַרבענקט:

און די וואָס אשרהן דינען געטריי,
גייט פון זיי איר שוץ קיינמאָל ניט פאַרביי . . .

**יוסף**

/געריירט:

גערעכט מער פון מיר ביסטו, עדה! . . .
פאַרגיב מיר! . . .
ווען פון אָפּטרעטן האָסטו גענומען ריידן,
האָסטו אָנגעפילט מיין האַרץ מיט ווייטיק, —
און ווייטיקן טוען ווייטיקן געבוירן,
האָב איך דיר ווי געטאָן דערפאַר . . .
אָבער קיל איז פון דער נאַכט די לופט
און פייכט איז די ערד מיט טוי, —
קום, ליבסטע, לאָמיר גיין שפּאַצירן!

/די גייען אַוועק. יהודה און לוי קומען אַרויס פון זייער באַ־
העלטעניש.

**יהודה**

דו האָסט אַלץ געהערט . . . איצט ווייסטו שוין . . .

**לוי**

וואָס ווילסטו, אַז איך זאָל טאָן?

**יהודה**

מיט יוספן פנים לפנים מוזן מיר מאָרגן
זיך באַגעגענען אין דותן! . . .

**לוי**

ווי וועסטו אים אַהין ברענגען?

**יהודה**

הער, וואָס דו זאָלסט טאָן! גיי איצט
צו די פּאַסטעכער פון יוספס שאָף
און שיק זיי אין די בערג אַוועק.
און איך וועל אויפן פעלד אַ דריטער שטעלן,

און ער וועט יוספֿן קיין דותן
פֿירן צו זיינע שאָף . . .

**לוי**

אַזוי זאָל געשען!

/לוי גייט אַוועק אויף רעכטס. יהודה באַגלייט אים מיט די אויגן ביז וואַנען ער פֿאַרשווינדט. דערנאָך הויבט ער אָן קוקן אויף לינקס, אין דער ריכטונג וואוהין יוסף איז אַוועק. צוערשט שטייט ער פֿאַר־טראַכט, דערנאָך הויבט ער אויף זיין האַנט מיט דראָונג.

**יהודה**

ביז וואַנען דו וועסט הערשער ווערן,
שוין בין איך דער קעניג איבער שכם!
און זאָל דער מאָרגן זאָגן,
אַז אויך איבער יעקבס הויז
זאָל ניט יוסף —
נייערט יהודה הערשן! . . .

# צווייטער אקט

## בילד איינס

{דותן. אַ פולע לבנה שיינט איבער אַ פעלזיקן געגנט. די הויכע, משופּעדיקע פעלזן פון אַלע זייטן שאַפן אַן איזאָלירטן, פאַרבאָרגענעם פּלאַץ. טיפע הייל אויף רעכטס און אויף לינקס. אויף די זייטן פון די פעלזן — ווילדע געוויקסן און קוסטעס. אויף די שפּיצן פעלזן פון פאָדער־גרונט און פון לינקס — אַן אַליון ווענדל, צו וועלכן עס ציט זיך אַ משופּעדיק און געדרייט שטעגל, וואָס איז דער איינציקער אַרויסגאַנג פון אָט דעם צווישן־בערג־שפּאַלט. גרויסע שטיינער זיינען צעוואָרפן אין פאָ־דערגרונט און אויף רעכטס און זיי זיינען אַזוי צעשאָטן, ווי זיי וואָלטן געקלעטערט אויף די משופּעדיקע פעלזן.

אַביסל לינקס שטייט אַ הויכער לינדנבוים, מיט געדיכטע צווייגן, וואָס שפּאַרן זיך אָן אָן די פעלזן און קלעטערן אַרויף. רעכטס פונעם לינדנ־בוים — אַ שטיינערנער מזבח, אויף וואָסערן עס ברענט אַ שוין זיך אויס־לעשנדיקער פייער.

מיטן פנים צום מזרח שטייט אויף די קני אַ **נזיר** און טוט תּפילה. דער נזיר איז נאָך אַ יונגער, קרעפּטיקער מאַן פון אַ יאָר פערציק. זיינע לאַנגע, געדיכטע האָר זיינען צעשאָטן איבער זיינע פּלייצעס. אַ לאַנגע, שוואַרצע באָרד. אַ בלייך, דין פּנים. גלאַנציקע, דורכדרינגנדיקע, שאַרפע אויגן. אָנגעטאָן איז ער אין אַ זאַק און מיט אַ שטריק איבער די לענדן. באָרוועס.

**דער נזיר**

**הללויה! הללויה!**
**איך ווענד מיינע אויגן צו דער בלויקייט פון צפון,**
**איך דרינג מיט מיינע בליקן אין דער זוניקייט פון דרום,**

איך באַנעם אין מיין זעאונג די ברייטע פלאַכן, וואָס הינטער די
בערג אין מזרח,
איך פאַרשפרייט מיינע אויגן איבער דעם אומענדלעכן ים פון מערב,—
און אומעטום טרעף איך דיך, אוי, דו גאָט פון הערשאַפטן,
וואָס פול איז מיט דיין כבוד די גאַנצע וועלט,
וואָס הימל און ערד, ים און יבשה, טאָלן און בערג
הייליקן דיין כבוד און זינגען אייביק זייער געזאַנג פון קיום צו דיר:
קדוש! קדוש! קדוש!

ווי אַ וואַנדערער אין מדבר דערקוויקט זיך מיט אַ קוואַל, וואָס
ער געפינט,
ווי אַ פאַרשמאַכטער פון היץ דערפרייט זיך מיטן מערב־ווינטל, וואָס
דערפרישט,
ווי אַ בלאָנדזשענדיקער דורך דער נאַכט דערמונטערט זיך דורך אַ
פייערל, וואָס ער דערזעט,
ווי אַ פאַרוואָגלטער איבערן ים בענטשט דעם אינדזל, וואָס אַנטפּלעקט
זיך צו אים פון דער ווייט,—
אַזוי דערקוויקט, און דערפרייט, און דערמונטערט, און דערפרישט
איז די זעל פון יעדן לעבעדיקן, ווען דו אַנטפּלעקסט זיך אין באַ־
העפטונג צו אים.
קדוש! קדוש! קדוש!

אויסגעשפרייט איז געווען מיין וואַנדער־וועג סיי דורך טרויער און
סיי דורך פרייד,
געשפּאַצירט האָב איך אויף אים סיי דורך שטעכיקע דערנער און סיי
דורך פרוכטיקע גערטנער,
געצויגן האָט זיך מיין וואַנדער־וועג סיי דורך וויסטע מדבריות און סיי
דורך באַפעלקערטע שטעט,
באַגעגנט האָב איך אויף אים סיי די יסורים פון דער וועלט און
סיי די פאַרגעניגנס אירע,—
איינציק אָבער אויף דער וועלט איז געווען דער רום פון דיר, אל שדי,
וואָרן, אויב אפילו פריסטער רופן צו דינסט פון פרעמדע געטער,—
ביסטו דאָך די אַלמאַכטיקייט און דער גאָט פון אַלע הערשאַפטן,
און דורך די תפילות צו פרעמדע געטער — איינציק געהייליקט איז
בלויז דיין נאָמען, —
קדוש! קדוש! קדוש!

**ווען איך בין אויף מיין וואַנדער־וועג פון לעבן אַרויס,**
**געגליכן בין איך געווען צו אַ שטרויעלע, וואָס ווערט פונעם ווינט געטראָגן,**
**און ווי נאָר דו האָסט זיך פאַר מיר אַנטפּלעקט, בין איך ווי דער צעדער פון לבנון,**
**וועמען עס קאָן בויגן און וויגן, אָבער ניט ברעכן און אויסוואָרצלען,**
**אפילו דער שטורעמדיקסטער פון אַלע ווינטן,**
**וואָרן גרויס איז דיין גענאָד און געשטאַרקט זיינען די וואָס לענען זיך אָן דיר, דו גרויסער גאָט —**
**קדוש! קדוש! קדוש!**

(אַ המון פאַסטעכער, קנעכט פון יעקבס הויז און אויך פאַסטעכער פון שכם קומען אַראָפּ איבערן שטעגל פון די בערג. זיי צעזעצן זיך אויף די שטיינער ביי די ווענט. אין דער טונקלקייט פון אָוונט, זען זיי אויס אַזוי גרוי ווי די פעלזן און שטיינער, ביי וועלכע זיי זיצן.

(דער נזיר טרעט ניט אָפּ פון זיין אָרט און, פאַרלייגנדיק די פיס אונטער זיך שטאַרעט ער מיט זיין בלייך פנים און גלאַנצנדיקע אויגן אויף דעם המון.

(איינער פון די פאַסטעכער ברענגט פריש האָלץ פאַרן פייער אויפן מזבח. דער פייער צעפלאַקערט זיך און באַשיט אַלעמען מיט אַ רויט־לעכן אָפּגלאַנץ. די שאָטנס צעלייגן זיך מוראדיק אויף די ווענט. די דערציילער דערציילן זייערע געשיכטעס ניט אָפּטרעטנדיק פון זייערע ערטער, זיי ריידן מיט דערשטיקטע קולות און סע דוכט זיך, אַז ניט מענטשן, נאָר די עכאָ גופא פון די בערג רעדט פאַר זיי. דער נזיר וויגט זיך, אין משך פון זייער ריידן, אויף רעכטס און אויף לינקס און מיט אים וויגט זיך פראָמינענט אויך זיין שאָטן. דער שייטערהויפן גייט שפּעטער ביסלעכווייז אויס, די ווענט ווערן צוריק גרוי, און מיט אים צוזאַמען פאַרשווינדט אין גרויקייט אויך דער המון און בלויז דער שאָטן פונעם נזיר בלייבט וויגנדיק זיך איבער די זייטן פון די בערג.

**איינער פונעם המון**

ווער וועט אָנהייבן?

**אַ צווייטער**

תחש!

**אַלע**

תחש! תחש!

תחש

פון מיין געפאַנגשאַפט די געשיכטע דערציילן וועל איך גערן,
וויבאַלד איר פאַרלאַנגט אַזוי און איר ווילט מיין געשיכטע הערן:
דער פירער פון אַ שבט פון אַ ווייטן צפון־לאַנד ביז איך אַמאָל געווען.
ניט די זעאונגען פון היינט האָבן מיינע אויגן דאַן געזען. —
אַנשטאָט מדבר—פלאַכן ברייטע, אַנשטאָט וויסטע בערג—נאָדלדיקע וועלדער;
און ווען די זון האָט אין מאָרגן־רויט באַקראַנצט דעם מזרח־הימל,
האָט זיך איר גלאַנץ צעשאָטן איבערן טוי, וואָס אויף די שפּיצן ביימער
און האָט זיך מיט גלאַנץ צעשאָטן איבערן טוי פון גרינע ברייטע פעלדער,
און מיין לאַנד האָט זיך צעבלישצעט ווי די פּערל אויף די העלדזער
פון די האַרנטעס, וואָס אין אונדזער קנעכטשאַפט, באַדינען מיר אַצינד.

געלעבט האָבן מיר אויף יאַגד פון חיות און פון ווילדע פייגל,
און ווי נאָר דער מאָרגן־רויט האָט נאַטור און מענטש פון זייער שלאָף געוועקט,
האָבן מיר זיך אַלע איבער פעלד און וואַלד אויף יאַגד צעשפּרייט,
און ווי נאָר דער אַוונט־גלוט האָט איבער פעלד און וואַלד די שאָטנס לאַנג פאַרשפּרייט,
האָבן מיר זיך, מיט אונדזער פאַנג, אַהיים געקערט און אים גלייך אויף גלייך געטיילט.

געלעבט האָט מיין פאָלק אין רו און אין פרידן,
געפרייט זיך מיטן פעלד, געפרייט זיך מיטן וואַלד,
געגעסן צו זאַט פלייש און אויך פיש איז געווען אַ סך,
פאַרטרונקען מיט וואַסער, מיט האָניק פון בינען געמישט.

געווען זיינען די טייכן ברייט און רואיק אין מיין לאַנד,
און שיפלעך צו בויען איז געווען געשיקט מיין שטאַם,—
און אונטער אַ העל־באַשטערנטן הימל און מיט פאַקעלן פון פעך,
זיינען געווען לוסטיק און פריילעך אונדזערע שפּאַצירן איבערן טייך.

און וויבאַלד צו זאַט געגעסן פון דעם יאַגד פון וואַלד האָבן די ברידער פון מיין שטאַם,

האָבן מיר אַרום די שייטערהויפנס פון די אָוונטן זיך געקליבן,
און בעת די אַלטע האָבן זיך דערציילט שיינע מעשות פון אַמאָל,
האָבן יונגע זייער קאָכיק בלוט נאָך מער צעוואַרימט אין שפּיל און אין טאַנץ.

געלעבט האָבן מיר זיך רואיק, קיין זאָרג ניט געהאַט,
געלעבט האָבן מיר אין פרידן, פון קיין שונאים ניט געוואוסט.
וואָס מיר האָבן אין וואַלד געפאַנגען, דאָס האָבן מיר פאַרברויכט,
מיט וואָס דער טייך האָט אונדז געגאָדיקט, דאָס האָבן מיר געהאַט.

ביז וואַנען . . . איינמאָל . . . און אין דער רואיקייט פון אונדזער שלאָף
האָט זיך אַ גערויש דערהערט, און ווילדע קולות, און אַ קריצעריי פון ציין, —
און אַרומגערינגלט זיינען מיר געוואָרן פון אַ מחנה פרעמדע מענטשן,
בייזע פּנימער, פרעמדער לשון, מאָדנע קליידער, און אין אויסזען זייער ווילד.

ס'איז ניט געווען קיין צייט צו ווערן זיך —
באַפאַלן זיינען מיר געוואָרן אומגעריכט,
און איידער פון אונדזערע אויגן האָט זיך אָפּגעטאָן דער שלאָף,
און נאָך איידער מיר האָבן פאַרשטאַנען וואָס דאָ מיט אונדז געשעט,—
געלעגן זיינען מיר שוין אַלע, הענט און פיס געבונדן,
און געיובלט און גערוישט האָט אַ ווילדער המון אַרום אונדז.

ניט געוואוסט האָבן מיר נאָך דאַן פון וויין,
און שאַרפע געטראַנקען זיינען אונדז נאָך ניט געווען באַקאַנט,
און ליגנדיק אויף דער ערד געבונדן,
האָב איך דאַן צום ערשטן מאָל דערזען,
ווי אַ פליסיקייט פון לאָגלען טרינקען מענטשן,
און ווי נאָר זיי זויפן זיך אָן,
צעשוואומען ווערן ביי זיי די אויגן און וואַקלדיק—די פיס,
זייערע ווילדע פּנימער ווערן נאָך ווילדער ,
הייזעריק—די שטימעס און נאָך שרעקלעכער—זייער אויסזען.

און איינער פון זיי, וואָס איז געווען אַן עלצטער, און באַזויפן מער פון אַלע,—
געשריען האָט ער מיט הייזעריקע קולות און אַלע האָבן אים געפאָלגט,

געוויזן האָט ער קונצן, ווי צו שיסן קאָן ער גוט אין ציל,—
אונדזערע קליינע קינדער, פאַר די הענט, אויף די ביימער האָט ער
געהאָנגען,
און אין די הערצער זייערע געשיקט האָט ער די פיילן זיינע.

און מיר, הענט און פיס געבונדן, געלעגן זיינען אויף דער ערד . . .
געזעוועט האָבן מיר פאַר ווייטיק, זיך געריסן פון די שטריק,
אָבער—שוואַכער פון די שטריק זיינען אונדזערע הענט און פיס געווען—
די שטריק האָבן זיך ניט צעריסן,
אָבער פון אונדזערע אָרעמס די פלייש האָבן מיר ביזן ביין צעשניטן.

בלויז איינעם פון מיין שטאָם איז געלונגען צו צערייסן די שטריק,
און געלאָזט האָט ער זיך צום עלצטן לויפן,
מיט שוים אויף די ליפּן, מיט פאַרקלעמטע פויסטן און געדריקטע ציין,—
אָבער איידער ער האָט צום עלצטן זיך דערנאָענט,
און נאָך איידער ער האָט אים דערגרייכט,
דורכגעשטאָכן איז ער געוואָרן פון פיילן און פון שפּיזן,
דורכגעשטאָכן איז זיין לייב געוואָרן,
און אַזוי מיט פאַרקלעמטע פויסטן און צונויפגעדריקטע ציין,
געבליבן ליגן איז ער אויף דער ערד,
און מיט זיינע בלוטן רויט באַשפּריצט
האָט זיך די גרינקייט פונעם גראָז.

וואָלט זיין מזל אויך מיינס געווען דאָס מזל!

און אָנגעזויפּן מיטן בלוט פון די קליינע קינדער,
האָט די תּאווה פון די רויבער זיך נאָך מער צערייצט, —
און פון די הייזער די טעכטער אונדזערע און ווייבער
פאַר זייער תּאווה—אין דרויסן האָבן זיי געשלעפּט . . .

ניט פאַרגעסן וועל איך קיינמאָל
דעם געשריי פון יענע פרויען,
וואָס פאַר די אויגן פון זייערע מענער
זיינען זיי אין שאַנד און אין ווייטיק
צו ווילדע און צו פרעמדע געלעגן געוואָרן,
און געמישט האָט זיך זייער געשריי פון יאוש

מיט דעם אויסגעשריי פון תאווה און נצחון
פון זייערע פייניקער די ווילדע.

און אַז פאַרגלוסט האָט זיך איינעם
צו מאַכן ליכטיק די פינצטערניש פון נאַכט,
אונטערגעצונדן האָט ער אונדזערע היימען;
און ווען צעפלאַקערט האָבן זיך די הייזער,
האָבן זיי די זקנים אונדזערע געוואָרפן אין די פלאַמען,
און ביי דעם ליכט פונעם פלאַקער
צו שאַנד האָט מען געבראַכט אונדזערע פרויען,
און — דער הימל האָט זיך, ווי געוויינלעך,
צעצונדן מאָרגן־רויט . . .

איך הויב מיינע הענט צום הימל און שריי: —
ווי האָט ער ווי געוויינלעך אין יענעם פרימאָרגן געקאָנט צונטערן
זיך רויט?
ווי האָט דער הימל געטאָרט דאַן אַרויסשיקן זיין זון אָנקוקן,
ווי מיר, די מענער, זיינען געלעגן געבונדן און געשניטן,
אין אוממאַכט, מיט די שטריק אונדזער לייב ביז צום ביין?
ווי אַזוי האָט דער הימל דאַן אַזוי בלוי ווי אַלעמאָל געקאָנט זיין?
פאַרוואָס זיינען דווקא אין יענעם טאָג
באַהאַלטן געוואָרן די דונערן און פייער־בליצן פון דעם גאָט יעהאָוואַ,
וואָס דאַן האָבן מיר אים נאָך ניט געקאָנט, אָבער וואָס שוין דאָ, אין כּנען,
וואו־זהין מע האָט מיך געבראַכט און פאַר אַ קנעכט פאַרקויפט,
האָט מען פון זיין כּבוד וועגן געשניטן מיר די ערלה?
— פאַר מיינע זינד! פאַר מיינע זינד! —
גיט מען מיר אַן ענטפער איצט.
אָבער וואָס פאַר אַ זינד האָב איך דאַן באַגאַנגען?
און אויב זינדיק זיינען מיר יאָ געווען, —
ניט געלייטערט דען האָט אונדזער זינד
פון אונדזערע קינדער דאָס בלוט
און פון פרויען אונדזערע די שאַנד?
פאַרוואָס פאַר אַ קנעכט בין איך פאַרקויפט
און אין בענקשאַפט נאָך מיין לאַנד
און אין לעכצעניש נאָך פרייהייט,
פאַרוואָס גיי איך טאָג־טעגלעך אויס?

## שטימען פונעם המון

/ווי די עכאָס פון די בערג:

פאַרוואָס, יעהאָוואָ? . . . פאַרוואָס? . . .
געשניטן אַ בונד האָבן מיר צו דיר,—
פאַרוואָס ניט געשניטן אַ בונד האָסטו צו אונדז?

## דער נזיר

ווער ביסטו, בן־אָדם,
וואָס מיט צווייפל וואַגסטו צו קומען
אין דער גערעכטיקייט פון גאָט?
ווער ביסטו, בן־אָדם,
וואָס טענות מעגסטו ברענגען צו גאָט?
ווער ביסטו, בן־אָדם,
וואָס דו דערלויבסט זיך צו גאָט פראַגעס צו שטעלן
און דערוואַרטן אַן ענטפער אויף זיי?
האָבן דיינע פרויען און קינדער געזינדיקט,
האָט לויט זייער זינד געטאָן צאָלן זיי גאָט;
און אויב ער האַלט דיך אין געפאַנגשאַפט,
איז עס ניט דערפאַר,
וואָס צו שטאָלץ האָסטו געהויבן דיין קאָפּ
ווען דו ביסט הערשער געווען
און אונטערטעניק דערפאַר אַצינד מוזטו זיין?
וואָרן אויב טענהן ווילסטו צו גאָט,—
ווער ביסטו, אַז ער זאָל דיר ענטפערן?
און אויב פאַרמעסטן ווילסטו זיך אויף אים,—
וואָס ביסטו, אַז ער זאָל דיך ווערן מערקן?
וואָס ביסטו, בן־אָדם,
פון שטויבעלע דו שטויב,
אַז דו זאָלסט מיט אים זיך ווען פאַרגלייכן,
מיט אים,
וועלכער האָט אַזוי פעסט געגרונטעוועט די ערד,
האָט דעם הימל איבערן קאָפּ
אַזוי פעסטיק פאַרשפרייט,
האָט צו אויפגיין און פאַרגיין
די זון געלייגט,
וואָס אין די טיפענישן פון ים,

אין די פאַרהיילעניִשן פון הייל'ן
און אין די פאַרבאַרגענישן פון בערג
איז פון אים קיין באַהעלטעניש ניטאָ, —
טאָ ווער ביסטו, בן־אָדם,
אַז דו זאָלסט צו אים,
ווי צו דיין גלייכן קומען ריידן?
האָסטו, בן־אָדם, אויסגעפאָרשט
פון גאָט די גרויסע מעשים,
האָסטו שוין אויסגעפאָרשט זיינע וועגן
אין דער גרויסקייט פון דעם וועלט־באַשאַף,
וואָס דו קומסט צו פאָרשן די קלענסטע פון זיינע מעשים,—
וואָס דו קומסט צו פאָרשן זיינע וועגן
וועגן איין מענטשעלע און איין שבט,
פון וועלכן עס איז געשען,
אַז דו זאָלסט זיין אַ גליד?
העי, איר אַלע,
וואָס איר האָט זיך צוגעטוליעט צו די בערג,
און וואָס אין גרויקייט
גלייכט איר זיך אויס צו זיין אַ שטויבעלע פון זיי,—
ציטערט פאַר זיין נאָמען,
וואָס מיט איין אָטעם פון זיין מויל
קאָן ער איבערקערן אויף אייך דעם באַרג
און אייך אויסגלייכן מיט דעם שטויב פון ערד!
ציטערט פאַר זיין נאָמען!
פאַרשפרייט זיך אין שטויב
פאַר דער גרויסקייט פון זיין כבוד!
צי איר אונטערטעניקט זיך צי ניט צו אים,
וואָרן פון זיין ממשלה קאָנט איר קיינמאָל ניט אַרויס,
וואָרן עס איז ניטאָ קיין ווינקעלע אויף דער וועלט
וואו זיין ממשלה זאָל ניט זיין פאַרשפרייט,
און גאַרנישט זיינט איר
קעגן דער גרויסקייט פון זיין ווילן!
טאָ לויבט און גרויסט זיין נאָמען
און זיך טוט גרויסן בלויז אין דער מאָס פון אונטערטעניקייט
צו דער מוראדיקער גרויסקייט פון זיין כבוד.

**שטימען פונעם המון**

/קלינגען מיט שרעק ווי פאַרשטיקטע עכאָס פון די בערג:

צִיטערט, ציטערט, ציטערט
פאַר דער גרויסקייט פון זיין נאָמען,
וואָס געגליכן איז צום שטויב
דער מענטש פון זיין באַשאַף.
כאָטש דערוויילט איז ער געוואָרן
פאַר דער שיינקייט פון באַשאַף!
קדוש! קדוש! קדוש!

**נפתלי**

/טיילט זיך אָפּ פונעם המון און לויפט דהאַסטיק צו צום מזבח. זיין שאָטן פאַרשפרייט זיך מוראדיק און מאַכטיק איבער די קאָנטורן פון די בערג.

פאַרנעמט ניט, וואָס עס רעדט צו אייך דער נזיר! —
וואָרן אויב פאַרשניטן האָט גאָט אַ בונד מיט מענטשן,—
פאַרשניטן האָט ער אים מיט די מאַכטיקע און שטאַרקע,
אַז פאַר זייער אונטערטעניקונג צו אים אין הימל,
זאָלן זיי דערפאַר קאָנען אונטערטעניקן אויף דער ערד
די שוואַכערע פון זיי.

אויב פרייהייט, איר פאַרשקלאַפטע, זוכט איר,—
ניט אין נזירס הימל וועט איר גערעכטיקייט געפינען,
וואָרן גערעכטיקייט גיט מען דאָרט
בלויז צו די געשטאַרקטע אויף דער ערד.

הערט ניט, זאָג איך אייך, צו די רייד פונעם נזיר!—
עס רעדט פון אים די שטים פון אונטערטעניקייט
און די אייביקייט פון אייער שקלאַפעריי!
פאַרנעמט די רייד פון מיין ברודער יוסף,
וואָס געשיקט פון אים בין איך צו אייך:
עס רעדט פון אים די שטים פון פרייהייט
פאַר אונדז און פאַר אַלעמען פון אונדזער מין!
און זאָל זיך אָנפילן אונדזער האַרץ מיט גערעכטיקייט
און מיט אַ פלוך צו אַלץ וואָס איז אומגערעכט אויף דער ערד, —

זאָל יעדער פון אונדז, דעריבער, דערציילן,
פון וואָס צעווייטיקט סע האָט זיך זיין האַרץ!
ווער וועט איצט דערציילן?

**איינער פונעם המון**

תומים!

**אַלע**

תומים! תומים! תומים!

**תומים**

וואָס בין איך, אַז איך זאָל קומען דערציילן?—
ניט פון מלכים און ניט פון שרים איז מיין שטאַם:
איך בין אַלעמאָל געווען אַ מענטש אַ פשוטער,
געאַרבעט אויפן פעלד האָב איך פון קינדווייז אָן,
אין שלאַכטן האָב איך זיך קיינמאָל ניט באַטייליקט,
און די קונסט פון מלחמה האָב איך קיינמאָל ניט געוואוסט.
אַ שוועסטער בלויז האָב איך געהאַט—
וואָס איז אַ שוועסטער? — אַ שוועסטער איז גאָרנישט! —
אַ שוועסטער איז בלויז אַ גאַסט אין הויז.
אָבער איך האָב געהאַט אַ שוועסטער,
און איינאיינציק איז זי געווען אין הויז פון מיינע פאָטערס,
וואָרן ווען דער טויט האָט געריבט פון מיר מיין מוטער,
איז זי צו מיר אַ טרייסט געווען און איך צו איר — 'שטאָט אַ מוטער,
און אַז דער טויט האָט פריצייטיק אויך געריבט מיין פאָטער,
בין איך צו איר אויך געווען ווי אַ פאָטער.

ווען נאָך דעם טויט פון מיין פאָטער און פון מיין מוטער
באַלעבאַס אַליין בין איך געבליבן אין מיין הויז,
וואָרן געווען איז מיין שוועסטער דאַן נאָך זייער קליין,—
פלעג איך זי צו מיין אַרבעט, כדי תמיד זי צו היטן,
אויפן פעלד און אויפן גאָרטן מיט זיך גענומען,
און קיינמאָל אויף פרעמדע הענט און אַליין זי ניט אָפּגעלאָזט.
און געלערנט האָב איך זי דערנער פון תבואה צו קאָנען שיידן,
און צו קאָנעןביימער פשוטע פון פרוכטיקע אויסטיילן.
און אַז דער אַקער איז פאַר אירע הענט געווען צו שווער,
האָט זי דעם גראָבאייזן און דעם סערפּ כאַטש פון מיר געבעטן.

און אַמאָל, אַז זי האָט זיך, ווי פון אַ קינד דער שטייגער, פאַרגעסן,
און אָנגעשטאָט צייטיקע, פרוכט אומצייטיקע געריסן,
און ווען זי האָט קרייטאַכצער נאָך אומרייפע אויסגעגראָבן
און דעם לוין פון מיין, שוועדער מי און אַרבעט האָט זי פאַרדאָרבן,
האָב איך אויף איר זיך ניט געבייזערט, נייערט געשמייכלט,
און געהאַט הנאה, וואָס זי האָט פון איר אַרבעט פאַרגעניגן.

אַזוי זיינען אַריבער אין רו און אין פרידן פיל יאָרן
און מיט יעדן יאָר האָט זיך דאָס קינד צו מיידלשאַפט גענעענט;
ניט געהאַט האָט דאָס קינד דערפון קיין אַנונג,
אָבער איך האָב אָפּהיטן פון פרעמדע בליקן שוין זי גענומען
און מיט אַנגסט האָב איך אויף דער צייט געוואַרט,
און געוואוסט, אַז באַלד וועט זי מוזן קומען,
און אויסגעלייִדיקט פון מיין שוועסטער וועט ווערן מיין הויז.

דענסטמאָל בין איך געווען אַ מענטש גאָר אַ פשוטער,
געוואוסט האָב איך מיין גאָרטן און מיין פעלד האָב איך געוואוסט,
אין דעם סוד פון קלוגע מענטשן האָב איך זיך נישט געמישט,
וואָרן ווען די אַרבעט האָט מיך אין דרויסן ניט גערופן,
געהיט האָב איך מיין הויז און מיין שוועסטער אין דעם הויז.
און פשוט איז אויך געווען מיין לשון,
געוואוסט ביים נאָמען האָב איך בלויז די תבואות
און די צייטן פיר פונעם יאָר,
און אַז געפרעגט ביי מיר האָט מיין שוועסטער וועגן זאַכן,
וואָס פאַרהיילן זיינען זיי געווען צו איר,
זיינען זיי פאַרהיילן אויך פון מיר געווען.

געוואָלט האָט מיין שוועסטער תמיד וויסן:
פאַרוואָס געגנידעריקטער איז דער עפל פון דעם לינדנבוים;
פאַרוואָס פונעם פייגנבוים זיינען די בלעטער אַזעלכע ברייטע
און אַזוי נאָדלדיק זיינען זיי ביים צעדער.
און ווען מיין ענטפער צו איר איז געווען ווי געווייגלעך,
אַז פון יעדן מין איז אַנדערש זיין באַשערט,
האָט איר מיין ענטפער ניט באַפרידיקט
און נאָך האָט זי געפרעגט —
פאַרוואָס האָבן גיפט די שלאַנגען

און שאַרפע ציין — די וועלף ?
פאַרוואָס האָבן בינען שאַרפע נאָדלען,
וויבאַלד זייער האָניק איז דאָך זיס ?
פאַרוואָס קאָן ניט ווערן זיך אַ שעפּעלע,
וואָס איז אומשולדיק,
קעגן די שאַרפע ציין פון אַ לייב,
וואָס אַליין איז ער אומנוציק ?

און אַז אויף אַלע פראַגעס האָב איך אויסגעמידן דעם ענטפער,
וואָרן דער ענטפער איז דאָך אויך צו מיר ניט קלאָר געווען, —
איז זי פאַרטראַכט אַרומגעגאַנגען און נאָך פיל שאלות געפרעגט : —
וואו איז פון דער ערד דער ענד,
און וואו לאָזט זיך הימל אויף דער ערד אַראָפּ ?
פאַרוואָס, ווען זי איז צוגעקומען צום וועלדל,
וואָס איז געווען ביים ראַנד פונעם הימל, —
האָט זי דערזען, אַז גאָר ניט דאָרט ענדיקט זיך דער הימל,
נייערט גאָר איבערן דאָך פון אונדזער הויז ? . . .
און וואו איז זי געווען, מיין שוועסטער,
נאָך איידער זי געדענקט זיך אַליין,
און וויבאַלד געבורטן זיינען דאָ אויף דער וועלט,
איז וואָס זיינען זיי אַזוינס,
און ווי איז דער ערשטער מענטש געבוירן
און איידער געבורט איז נאָך געווען,
און ווער האָט געטער געקאָנט באַשאַפן
איידער שעפער זיינען נאָך געווען ? . . .

און אַז מעשורת צו דערציילן
האָב איך איר ניט געקאָנט,
איז זי שטילערהייט, און פון מיר פאַרהיילן,
אויפן מאַרק פון דאָרף אַוועק,
און דאָרט געזעסן איז זי ביי די זקנים,
וועמען די סודות פון דער וועלט זיינען אַלע באַקאַנט,
און פון זייער מויל האָט זי געלערנט חכמה
און איבערגענומען קענטשאַפט האָט זי פון זיי,
און אין אַוונטן האָט זי אויך פאַר מיין אויער
אַנטפּלעקט די זאַכן פון געוועזנס און פאַראַנענס.

און געוואוסט האָט זי שוין די חכמות פון אַלע זקנים,
און אויך געוואוסט האָט זי אפילו,
וואָס פון זיי אַליין איז געווען פאַרהיילן,
וואָרן באַגנאָדיקט איז זי געווען מיט אַ גייסט פון זעונג,
וואָס אפילו זקנים און כוהנים האָבן זען ניט געקענט
און וואָס אַנטפּלעקט צו זיי איז עס נאָך ניט געווען.
איז מיין שוועסטער און די פון מיר דערצויגן
שוין מיין לערערין געוואָרן,
און ניט נאָר מיינס אַליין איז זי לערערין געווען,
נייערט אפילו אויפן מאַרק, פאַר די זקנים פון אונדזער דאָרף
האָט זי ריידן אָנגעהויבן און פון איר חכמה זיי געלערנט.

און געוואוינט האָט אין אונדזער געגנט
דער כוהן פון דעם גרויסן טעמפּל,
אַ מענטש אַ גאָטספאַרכטיקער
און אַ קנאי פון זיין גלויבן;
און מיין שוועסטער — פאַרטרוילעך און אומשולדיק,
בלויז לעכצנדיק נאָך וויסן —
האָט אים אין זיין טעמפּל אָפט געזוכט
און זיך צוגעהערט צו זיינע רייד.
און געלערנט האָט דער פּריסטער צו מיין שוועסטער
די תורה פון זיין גלויבן,
אַנטפּלעקט פאַר איר די סודות
פון די מנהגים פון אַלטע צייטן, —
די פאַרשווערונגען און שפּרוכן,
וואָס זיינען צו כוהנים בלויז באַקאַנט.
פאַרנאַרט האָט ער מיין שוועסטער
מיט די קלוגשאַפט פון זיינע רייד, —
געזאָגט האָט ער,
אַז ער וויל זי פירן אויפן וועג פון לעבן,
צו גרייטן זי פאַר פירערשאַפט און לערערשאַפט פון מענטשן,
און מיט די גלאַטקייט פון זיינע רייד
געוואונען האָט ער איר טרויען,
און פון איר האָט ער פאַרבאָרגן,
וואָס ביי זיך אין האַרצן האָט ער אין געהיים געהאַט.

און געווען איז שוין דאָס קינד דאָן אויסגעוואַקסן

און פאַרמען פון מיידלשאַפט
זיינען שוין צו איר געקומען.
אַליין מיין שוועסטער האָט דאָס נאָך ניט געמערקט,
און אַז דער כוהן האָט צו איר דערפילט אַ נאָענטקייט
און זיינע שלוחים אָפטער נאָך איר געגומען שיקן,
איז מיין שוועסטער, אַן חשד און אָן מורא,
תמיד צו אים געגאַנגען,
און אין זיין געזעלשאַפט זיך אָפט פאַרווײַלט,
לערנענדיק זיין תורה
אָדער שמועסנדיק וועגן מענטשן
און דעם אויסזען פון דער וועלט.
און ווען אָנצוהערענישן
האָט דער פּריסטער איר צומאָל געגעבן
מכוח אויף דער וועלט דעם שטייגער
פון מאַנצבילן און פון ווייבער, —
האָט זי אויף אים געקוקט
און גאָרנישט ניט פאַרשטאַנען;
און ווען ער האָט אַמאָל געפּרואווט
זי אַרומנעמען און דריקן צו זיין ברוסט, —
האָט זי עס פאַר דער ליבשאַפט פון אַ פאָטער אָנגענומען
און בלויז געבעטן ניט צו טאָן עס מער,
וואָרן עס שמעקט פון אים מיט רוי־פלייש
און מיט פעטס פון חיות,
וואָס פאַר קרבנות צו געטער טוט ער ברענגען . . .

פאַרוואָלקנט איז דאַן געוואָרן דעם פּריסטערס פּנים,
און מיט כעס אָנגעצונדן האָבן זיך ביי אים די אויגן,
געציטערט האָט זיין באָרד,
וואָס מיט זילבער פעדים איז פיל געווען באַשפּרינקלט,
און פאַרקלעמט האָבן זיך זיינע ביינערדיקע פויסטן.
אָבער זיין כעס האָט דער כוהן
אין זיין אינגעווייד געלאָזט באַהאַלטן
און זיינע רייד זיינען זיס געווען ווי פריער,
און פאַרבאָרגן האָט ער ביי זיך אין הארצן
זיין גלוסטונג, אַז ניט פון קיין אַנדערן,
נייערט פון אים — באַמאַנט זאָל מיין שוועסטער ווערן.

און געשען איז דאָס אין דער צייט פון דער גרויסער טריקעניש,
וואָס ניט געדענקט אַזוינס האָבן אפילו די אַלטע לייט.
אַ גאַנץ יאָר האָט געקוקט אויף גערטנער און אויף פעלדער
אַ ברוינער הימל און די ברענענדיקע זון,
און ווי געוויינלעך האָבן יענעם יאָר
אויף די פעלדער געוויינט די זייער,
אָבער ניט געהערט האָט זיך שפּעטער
איבער זיי דאָס געזאַנג פון שניטער, —
וואָרן אומזיסט האָבן מענטשן
ביים הימל געבעטן רעגן —
דעם קול פון תפילה האָבן געטער ניט פאַרנומען,
{הפנים ניט געשמעקט האָבן די קרבנות אונדזערע צו זייער גומען}
וואָרן פאַרבליבן איז דער הימל ברוין
און דער רעגן איז ניט געקומען.
געקוקט האָבן טרויעריק די פעלדער און פאַרשמאַכט—די וועלדער,
און דאָס גראָז און פון פרילינג די ערשטע שפּראָצן
האָבן זיך העכער פון זייער שטאָם ניט געהויבן,
און באַלד האָבן זיי אָנגעהייבן איינדאַרן און וויאַנען,
און די ערשטע גרינקייט פון די פעלדער
איז ברוין צוערשט געוואָרן
און גרוי, און גלייך מיט ערד געוואָרן שפּעטער.

געקוקט מיט אַנגסט האָבן די פּויערן אויף די פעלדער,
מיט אַנגסט געקוקט אויף זייערע ווייבער און די קליינע קינדער,
וואָס זיכערער פון פעסטן וועט טויטן זיי דער הונגער,
וואָס האָט מיט זיינע ביינערדיקע פינגער
שוין דערלאַנגט זייער האַלדז צו שטיקן.
געוועזן איז דאָס אַ יאָר, וואָס ערגער פון באַלאַגערונג פון שונא
באַלאַגערט האָט אונדז די זון מיט ברענען און מיט בראָטן,
און ווען מוטערס האָבן שוין צוזען ניט געקאָנט
דעם הונגער פון זייערע קליינע קינדער,
געשטיקט האָבן זיי זיי מיט פון די אייגענע הענט די פינגער;
און ווען זייערע קערפּערס זיינען שוין בלוי און טויט געלעגן,
געריסן האָבן זיי זיי מיט זייערע ציינער
און געזעטיקט דעם אייגענעם הונגער.
און ווער עס האָט זיך מיט די ביסן ניט דערוואָרגן,
איז שפּעטער, ווען דאָס פלייש פון קינד האָט אָנגעפילט זייער מאָגן,
פון ליידן און חרטה צו משוגעת געטריבן געוואָרן.

ניט געהונגערט האָט דאָן אין לאַנד בלויז איינער —
פון דעם טעמפּל דער כּוהן און זיינע דינער,
וואָרן אָנגעלאָדן נאָך פון פריער זיינען געווען זיינע שפּייכלערס
מיט תּבֿואות אַלערליי און מאַכלים פון אַלע מינים,
וואָס געבראַכט ד'האָבן מענטשן פאַר מתּנות צו די געטער
און פאַרבאָרגן זיינען זיי געבליבן אין טעמפּלס געהיימע שטיבער.
אָבער ניט געעפנט פריי האָט דער פּריסטער זיינע זעק פון תּבֿואה,
דאָס עסן, וואָס דאָס פאָלק האָט אַמאָל צו אים געטראָגן,
ניט געבראַכט איז צום פאָלק צוריק געוואָרן,
און ווען ס'פאָלק האָט דעם טעמפּל באַלאַגערט מיט געוויין און תּפֿילות
און הונגעריק געסטאַרטשעט האָבן די בליקן פון זייערע אויגן, —
איז זאַטקייט געווען אין די אויגן פון בלויז איינעם:
פון דעם פאַרמיטלער צווישן מענטש און געטער—דעם גרויסן כּוהן.

און ווען דער פּריסטער האָט געעפנט זיינע אוצרות,
איז עס ניט געווען צו לינדערן די ליידן און פון הונגער,
ניט דעם אָרימאַן צו זעטיקן און ניט ס'רחמנות אויף קליינע קינדער,
נייערט פאַר די, וואָס האָבן אים געבראַכט גאָלד און זילבער,
פאַר די, וואָס האָבן אויסגעביטן ברויט אויף שאָף און רינדער;
און ווען אויסגעגאַנגען איז דאָס גאָלד און אויך דער זילבער,
און אויספאַרקויפט זיינען געוואָרן אויך די שאָף און די רינדער, —
האָט ער פאַר משכּנות גענומען פון פּויערן די פעלדער,
און ווען פאַרמשכּנט זיינען שוין אויך געווען די פעלדער,
האָבן זיך פאַר קנעכט צו אים פאַרקויפט די ווייבער און די קינדער,
און פאַר קנעכט פאַרקויפט האָבן זיך אויך צו אים די מענער.

און געבליבן איבערן לאַנד איז דאָן אַ הערשער איינער —
דער פאַרמיטלער צווישן מענטש און גאָט—דער הייליקער כּוהן:
באַהערשט ד'האָבן געטער אַליין דעם הימל,
און אַ בונד געשלאָסן האָט מיט זיי דער פּריסטער,
אַז פאַרמיידן פון דער ערד זאָלן זיי דעם רעגן,
כּדי דער פּריסטער זאָל איינציק פונעם לאַנד דער הערשער ווערן.

און הערשער איז דער כּוהן געוואָרן אויך איבער מיינע גיטער,
און דערנאָך פאַרמשכּנט בין איך אַליין צו אים געוואָרן,
און געקוקט האָב איך מיט מורא און מיט פּחד אויף יענער צייט,

ווען אויסגיין וועט שוין פון מיין געקויפטן ברויט דאָס לעצטע
און נאָך משכנות וועל איך צום פּריסטער מוזן טראָגן . . .

און געקומען איז שוין דאַן מיין שוועסטער צום פרויען וויסן,
וואָרן ווי שיין סע זיינען פון אונדזער לאַנד די טעכטער,
איז זי נאָך שענער פון זיי געוועזן,
און נאָכקוקן אירע טריט האָבן שוין די יונגען אָנגעהויבן
און אויסקויפן פאַר איר צו מיר געקומען שיקן,
און אַז זייערע אויסקויפן האָב איך ניט אָנגענומען,
האָבן זיי אירע טריט גענומען היטן,
און וואָס זי אַליין האָט נאָך ניט געקאָנט וויסן,
האָבן איר אָנגעהייבן אונטערזאָגן
די שטומע בליקן פון פאַרבענקטע יונגען,
וואָס זיינען געווען באַשיידן,
אויך די פרייע רייד פון פאַרליבטע בחורים,
וואָס צו ריידן איז זייער צונג געשליפן.

און אויב ניט פאַרנומען האָט מיין שוועסטער די שטומע בליקן,
און אויב פאַרהערט האָט איר האַרץ די גלאַטקייטן פון רייד פון ליבע,—
דערטראָגן צו איר האַרצן האָט זיך אָבער שוין דאָס וויסן,
וואָס פון איר איז נאָך ביז דאַן געווען פאַרהיילן,
און ניט קאָנענדיק פאַרמיידן פון זיך דעם רוף פון פרוי און יוגנט,
האָט זי אָנגעהייבן גיין אין דעם שטייגער פון אירע שוועסטער:
אָפּט פאַרקוקט זיך אין דער פלאַכקייט פונעם דאָרף דעם ברונעם,
צו דערקאָנען דאָרט דעם אויסזען פון איר פּנים,
גענומען פלעכטן האָט זי אירע האָר נאָכן לאַנד דעם שטייגער,
פאַרבן באַקן, פאַרבן אויגן מיט די פאַרב פון הענדלער,
פון די קופערטס אַרויסגענומען די צירונג פון אונדזער מוטער,
בראַנזלעטן אָנגעטאָן אויף דער ווייסקייט פון אירע אָרעמס,
אין די האָר פאַרפלאָכטן פעדים פון גאָלד און זילבער,
באַצירט די ברוסטן מיט בלישצעדיקע פורעמס,
און ניט פאַרפעלט דאָס זינגען און דאָס טאַנצן
פון אונדזער דאָרף דער יוגנט.

געקוקט פאַרגאַפּט אויף איר האָבן פון דאָרף די בעסטע יונגען,
אין זייער האַרצן האָט זיך צו איר אַריינגעטאָן די גלוסטונג,
באַגערט האָבן זי אויך די אַלטע,

און ווײַבאַלד טויט שוין איז געווען איר מוטער
און קושן האָט קיינער ניט געקאָנט די ברוסטן,
וואָס אויפגעזויגן האָבן זיי אַ קינד אַזוינס,
וואָס פון מזרח און ביז מערב איז ניטאָ איר גלײַכן, —
זײַנען געגאַנגען מענטשן אויפן קבר פון אונדזער מוטער
און געקושט האָבן זיי דעם בערגל פון דער ערד,
וואָס אונטער אים איז באַהאַלטן דער זכר פון יענער פרוי,
וואָס האָט געטראָגן און געהאָט, געזויגן, כאָטש ניט דערצויגן
דעם פּערל פון דעם גאַנצן לאַנד, פון מײַן הויז דעם שטאָלץ —
מײַן שוועסטער, וואָס ליבער איז זי צו מײַן האַרץ געווען
פון מוטער און פון דער פרוי, וואָס ליגט אין שויס פון מאַן.

און אַז דערזען האָט דער פּריסטער,
אַז פאַרשטענדיק איז שוין מײַן שוועסטער
און אַז אויב פאַרשפּעטיקן וועט ער אַצינד איר ליבע,
וועט זי צו אַן אַנדערן אָפּגעבן איר ליבשאַפט, —
האָט ער צום צווייטן מאָל דאַן אַ צייט געפונען,
זי אַמאָל אין מאַרק געטראָפן און אין טעמפּל צו זיך פאַררופן,
און שוין אָפן און ניט פאַרשטעלט
גענומען זײַן האַרץ פאַר איר אַנטפּלעקן, —
אַז ליב האָט ער זי ליבער פון אַלע זײַנע ווײַבער,
און אַז זינט ער האָט זי דערקאָנט איז אים שוין ניט מער ניחא
דער געלעגער פון די שענסטע פון זײַנע פרויען,
און די הערלעכסטע פון זײַנע קעפּסווײַבער זײַנען אים דערווידער,
און זאָל זי נאָר וועלן און אים איר הסכם געבן,
און די האַרנטע וועט זי ווערן פון פיל קנעכט און דינסטן
און זײַן וועט זי די איינציקסטע פון אַלע זײַנע ווײַבער.

האָט מײַן שוועסטער אויסגעהערט דעם פּריסטער און 'שטאָט אַן ענטפער
האָט זי דעם ווידערווילן פון איר האַרץ אַנטפּלעקט צו אים מיט טרערן,
פונעם טעמפּל איז זי גלײַך אַנטלאָפן
און מער אַהינצו זיך שוין ניט געקערט.
וואָרן — און דאָס אַנטפּלעקט האָט זי צו מיר ערשט שפּעטער —
באַנומען איר האַרץ האָט דאַן שוין איינעם,
וואָס איז צו אונדז אין דאָרף פון אַ ווײַטן לאַנד געקומען
און אין דער שטילקייט פון אײַן שיינעם אָוונט
האָט זי צו אים איר האַרץ באַוויליקט.

און געשען איז דענסטמאָל, אַז שרעקלעך איז געווען די נקמה,
וואָס דער פּריסטער האָט פאַר אונדז פאַרטראַכט:
אויף דעם טאָג, וואָס צוגעגרייט איז שוין געווען אויף אים די האָכצייט,
און פאַרזאַמלט האָבן זיך צו אים די געסט,
שוין געשאָלט האָבן די טרומפּייטן,
די פלייטן האָבן שוין געשפּילט,
אַרויס אין טאַנץ זיינען די בחורים און די מיידלעך,
געזעסן זיינען די זקנים אַרום די לאָגלען וויין,
באַצירט אין חופּה־קלייד איז שוין געווען מיין שוועסטער,
אויפן וועג געריטן האָט שוין צו איר איר דערוויילטער, —
האָבן פּלוצים —
דער פּריסטער און זיינע קנעכט מיין הויז באַפאַלן . . .

געקומען זיינען זיי מיטן אָנזאָג,
אַז ניט געצאָלט האָב איך מיין צאָלונג,
וואָס פאַר ברויט האָב איך זיך צו אים פאַרשולדיקט
אין דעם שווערן יאָר פון הונגער, —
געהערן דערפאַר איך אַליין מיט מיין הויז אינאיינעם
צו אים אויף אייביק . . .

דאַן אין קייטן בין איך געשמידט געוואָרן,
און פון הויז די חתונה־געסט פאַרטריבן,
און ווען, ניט פאַרדאַכטנדיק קיין זאַך,
איז צום הויז געקומען מיין שוועסטערס חתן,
און כדי, לויטן מנהג פון אונדזער לאַנד,
זי צו זיין געלעגער פירן, —
איז ער פון די קנעכט פון דעם טעמפּל געוואָרן אַרומגערינגלט,
און צוויי פאַלשע עדות זיינען דאַן געקומען,
און דער שופט איז ער אַליין געווען — דער פּריסטער,
אַז געהערט האָבן זיי אים ווי ער האָט גאָט געלעסטערט,
געלעסטערט גאָט און געטער און זייער באַשאַף, די וועלט,
און פאַר לעסטערונגען אַזעלכע איז איינס ס׳געזעץ פון אונדזער לאַנד —
דאָס טויטן דורכן שווערד און צו ברענגען צו די געטער
פאַר אַ קרבן דאָס געבראָטנס פון זיין האַרץ . . .

און נאָך האָבן די עדות פאַלש געשוואָרן,
אַז געהערט האָבן זיי מיין שוועסטער זאָגן,

אַז שוואַך איז אויך די אמונה אירע
אין דעם גאָט פון אירע אָבות . . .

איז דער משפט פון דעם פריסטער אַזוי געווען: —
אַז געטויט זאָל מיין שוועסטערס חתן ווערן,
און געטויט איז ער טאַקע גלייך געוואָרן
און אין דער צוזעונג פון מיין שוועסטער, —
און פאַר פאַרריכטונג און פאַר דער אויסבעסערונג פון אירע זינד,
זאָל מיין שוועסטער זיין פאַרשפאַרט אין דעם טעמפּלס צעלן,
און אַליין אַכטונג געבן זאָל אויף איר דער פריסטער
און צוריקקערן זאָל ער זי אויף איר פאָטערס וועגן
און אויף די וועגן פון אמונה פון אונדזער לאַנד . . .

און די לעצטע ווערטער, וואָס אויסגעשריען ט'צו מיר מיין שוועסטער,
איז אַז פאַר איר און איר חתן זאָל איך נקמה נעמען . . .
אָבער ווי האָב איך געקאָנט נקמה נעמען,
אַז די קונסט פון מלחמה האָב איך דאָך קיינמאָל ניט געלערנט,
און אַז הענט און פיס געבונדן האָט מען מיך געפירט חדשים לאַנגע,
ביז מע האָט מיך אַהער געבראַכט
און פון יעקבס הויז בין איך אַצינד אַ קנעכט . . .

געוועגדט האָב איך אָפט צום הימל מיינע תפילות,
געבעטן האָב איך צו די געטער פון מיין לאַנד און מיינע אָבות,
און אַז, ווי אינעם יאָר פון הונגער, זיינען זיי שטום פאַרבליבן,
האָב איך דאָך דערקאָנט דעם גאָט פון יעקב,
און פאַר אַ בונד צו אים מיין ערלה האָב איך דאָך געשניטן,
אָבער אויך ער איז צו מיינע תפילות שטום פאַרבליבן . . .

און ווען געוועגדט האָב איך זיך מיט בקשות
צום האַר פון מיינע סטאַדעס און פון מיר דעם האַר, צו יהודהן,
איז קלאָר געווען צו מיר זיין ענטפער, —
אַז ווען פון דאַנען קנעכט אַנטלויפן,
איז טויט — איינס פאַר זיי דאָס געזעץ פון לאַנד;
און אַז ווען געקויפט אין קנעכטשאַפט
האָט איינעם דאָס הויז פון יעקב, —
פאַרגעסן זאָל ער זיין לאַנד און דעם יחוס פון זיינע אָבות,
און אַלץ וואָס עס טוט געהערן פון וואַנען עס קומט זיין שטאַם.

בלויז איינער פון יעקבס הויז — יוסף — האָט מיינע רייד פאַרנומען
און דערפאַר בין איך היינט אָוונט אָהער מיט האָפנונג געקומען.

**נפתלי**

ברידער, איר האָט פאַרנומען!
און איצט משפט איר אַליין
צו וועמען גערעכטיקייט געהערט!

**אַלע**

יוסף! יוסף! יוסף!

**דער נזיר**

אומגעריכט בין איך היינט אַן עדות
צו די סודות פון אייער האַרץ
און דיליידן פון אייערע זעלעס
פאַרנעמט מיט ווייטיקן אויך מיין געמיט.
אָבער ניט אַזויפיל ווייטיקן פאַרשאַפן מיר
די פילע ליידן, מיט וואָס איר זיינט געפּרואווט,
ווי פול מיט ליידן בין איך דורכדעם
וואָס איר ווילט ווידערשפּעניקן אין די פּירונגען פון דער וועלט,
ווען ניט איר זיינט די דאָזיקע, וואָס איר קאָנט פאַרשטיין
די סודות פון דער וועלט.

איר קומט מיט קשיות האַרבע צו אים, וועמען אַלץ איז קלאָר —
איר, וואָס יעדע ברעקל פון דעם אַלץ איז דאָך פאַר אייך אַ סוד. —
קאָנט איר זאָגן מיר, וואָס איז דער אויבן
פון דעם וואָס זעט זיך ווי אַ פאַרשפּרייטונג
איבער אונדזער קאָפּ?
אָדער קאָנט איר זאָגן, וואָס עס טוט זיך אונטער דעם,
וואָס ווי אַ פאַרשפּרייטונג פון יבשה און פון וואַסער
זען מיר אונטער אונדזערע פיס?
איר קאָנט דאָך אפילו ניט וויסן,
וואָס איר קאָנט דערלאַנגען מיט אייערע הענט און אויגן, —
ניט אפילו דעם סוד פון וואַסער, וואָס ער לעשט דעם פייער
און ניט דעם סוד פון פייער, וואָס טריקנט דעם זעלבן וואַסער אויס.
איר זעט די טואונגען פון זאַכן,
אָבער אַליין די זאַכן ווייסט איר ניט,
טאָ פאַרוואָס זאָלט איר קשיות פרעגן אויף וואָס עס טוט זיך,
ווייבאַלד אַז דעם עיקר מעשה טוט איר ניט פאַרשטיין?

קשיות פרעגט איר אויף אומגערעכטיקייטן, —
ווייסט איר אָבער, אַז וואָס אומגערעכטיקט איז אין אייערע אויגן,
איז גערעכטיקט אפשר דאָרט פון אויבן? —
וואָרן דאָרט וואו קליינקייט פון פאַרשטאַנד טוט באַגרייפן ליידן,
ווערט אומגעקערט—גדלות־רוח מיט דער אַנטוויקלונג פון פאַרשטאַנד.

ווי קומט איר, מענטשן־קינדער, וואָס דהגם די דערוויילטסטע
זיינט איר אויף דער ערד, —
צו שאַצן ווערטן פון גרויסקייטן פון לעבן און פון אמתן,
מיט וואָס באַגנאַדיקט זיינט איר פון אויבן,
אָבער וואָס ניט איר אַליין האָט אַריינגעטאָן אין זיך? . . .
ווי קאָן דאָס ליים פונעם פורעמער קשיות פרעגן,
הלמאי ער לייטערט אים דורכן וואַסער קנעטן און דורכן פייער ברען,
וואָרן עס ווייסט דאָך ניט דאָס ליים, אַז פון אים דער פורעמער
וויל מאַכן די שיינע כלי פאַרן אַלטן ווייַן,
וואָס זאָל זיין אַ דערקוויקונג צו דעם גומען פון דעם קעניג אַליין!
און ווען דער וויינטרויב צו זיין טרעטער
זאָל זיך אַנטקעגן שטעלן,
וואָלט דען ווייַן אַמאָל אַלט געוואָרן
און אַ דערקוויקונג פאַר מענטשן געווען?
פון דעם ליים, דורך יסורים, פורעמט מענטש אַ כלי,
פון די וויינטרויבן, דורך זייערע ליידן, טרעט מען אויס דעם ווייַן —
ווייסט איר, מענטשן, פון גאָט די סודות,
וואָס פון אייך אין פורעם, וועט ער אַמאָל אַרויסציִען,
וואָס מיט קשיות און ווידערשפּעניקונג
לעסטערט איר די גרויסקייט פון זיין טאָט? . . .
צי האָט איר אין זיך אייער אָטעם אַליין אַריינגעבלאָזן,
וואָס איר קומט אָטעם פאָדערן, אַזוי ווי איר פאַרשטייט? . . .
קערט זיך אום, איר בני־אָדם, פון דער שלעכטסקייט פון אייער געמיט!
טראָגט דעם יאָך מיט ליבשאַפט,
וואָרן וואָס דער יאָך וועט ברענגען, איז דער סוד פון אייך פאַרהיילן,
וואָרן קורצער פון אייער תּכלית איז דער פאַרשטאַנד פון אייך.

קערט זיך, בני־אָדם, פון אייערע שלעכטע מחשבות!
פילט אָן מיט חרטה אייער האַרץ
און מיט אונטערטעניקונג — דאָס געמיט!
קערט זיך צו אייערע שאָף און רינדער,

קערט צוריק זיך צו אייער יאָך דעם שווערן,
און מיט אונטערטעניקייט פון געמיט,
צו דעם וואָס לעבט אייביק,
אויב אייער פאַרלענדונג ווילט איר אויסמיידן אַמאָל! . . .

/צווישן דעם המון ווערט אַ גערודער. זיי הויבן אָן צוריקטרעטן.
עס דערהערן זיך קולות צווישן זיי:

— לאָמיר זיך צוריקקערן!
— די נקמה פון גאָט וועט געבראַכט ווערן אויף אונדז!
— ווי! ווי! געזינדיקט האָבן מיר,
די שטראָף וועט שוין במילא קומען!
— זאָל אונזער קומען אַהער
אויף אייביק אַ סוד פאַרבלייבן!
— ווי וועלן מיר דעם סוד באַהאַלטן
פון דעם וואָס ווייסט אַלע סודות? . . .
— אפילו מיט קיין קרבן
קאָנען מיר זיין פנים ניט פאַרגעבן,
וואָרן אַלץ, וואָס פאַר אַ קרבן ווערט געבראַכט,
באַלאַנגט ניט צו אונדז,
נייערט צו די פון אונדז די האַרן . . .
— יוסף איז דער שולדיקער,
וואָרן דאָס האָט ער אונדז היינט פאַרפירט —
צו אונדזער בראָך,
צו דער פאַרטיליקונג פון אונדז! . . .
— טויט צו דעם זון פון פאַרקערטער ווידערשפעניקייט,
וואָס צו שאַלקהאַפטיקייט האָט ער אונדז געפירט! . . .
— זינדיקט ניט! —
וואָרן אויך יוסף איז דער זון פון יעקב
און פון אונדזער קנעכטשאַפט איז ער אַ האַר . . .
— שולדיק מער פון יוסף איז נפתלי! . . .
— ווי צו אים, ווי צו אונדז
פאַר דעם נסיון
צו וואָס ער האָט אונדז געבראַכט! . . .
— לאָמיר זיך אומקערן, ברידער!
— קערט זיך, ברידער, אום!

/אין איילעניש, איינער דעם צווייטן שטופנדיק, אַריבעריאָגנדיק און אומוואַרפנדיק, אין אַ מוראדיקן געדראַנג, רייסן זיי זיך צום אַרויפ־גאַנג פונעם באַרג.

**נפתלי**

/פרואווט זיי אָפשטעלן:

**ברידער, שטייט!**

/דער המון קוקט זיך אויף אים ניט אום און שטעלט זיך ניט אָפ. זיי טרעטן איינער אויפן צווייטן. די געטראָטענע שרייען פון ווייטיק. נפתלי שרייט פאַרצווייפלט:

**ברידער, גייט ניט אַוועק**
**איידער איר וועט מיך אויסהערן**
**צום לעצטן מאָל! . . .**

/דער המון הערט אים ניט. נפתלי לויפט פון איינעם צום צווייטן און וויל זיי אָפשטעלן. דער המון אַנטלויפט פון אים אין אַ פּאַניק, און שטופט זיך צום אַרויפגאַנג פונעם באַרג.
/ווען די פאַניק ווערט אַמשטאַרקסטן און דער המון ווערט פאַרוואַנדלט אין אַ קנויל פון געדרייטע קערפערס, הענט און פיס, וואָס שליידערט איינער דעם אַנדערן און רייסט זיך צום שמאָלן דורכגאַנג צום אַרויף, באַווייזט זיך פלוצים אויפן שפּיץ באַרג אַ פרויען־געשטאַלט, איינגע־הילט אין ווייסן. עס שיינט אויף איר אַ פולע לבנה און פון דער ווייט ווייזט אויס איר געשטאַלט ווי ניט ערדיש.
/דאָס געשטאַלט הייבט לאַנגזאַם אָן אַראָפנידערן פונעם באַרג. דער המון, דערזעענדיק זי, פאַלט אַריין אין אַ פּאַנישן איבערגלויבערישן שרעק און הייבן זיך אָן אַראָפקייקלען פונעם באַרג צוריק אין טאָל. זיי קייקלען זיך איינער איבער דעם אַנדערן און בלייבן ליגן ווי אַ געפלאָכטענער ציטערנדיקער קנויל פון מענטשלעכע גופים. עס דערהערן זיך טעמפּע פאַרשטיקטע קולות פון מענטשן, וועלכע זיינען אַריינגעפאַלן אין אַ פּחד, וואָס דערגרייכט ביז ווילדקייט און משוגעת.

**קולות פונעם המון**

— **דער צאָרן פון גאָט! . . .**
— **ווי, איך ווער דערשטיקט! . . .**

— גאָטס אויסגעשטרעקטע האַנט פון שטראָף! . . .
— ווײ, מײַן פּוס! . . .
— זאָל דער נזיר פאַר אונדז דערבאַרמונג בעטן! . . .
— טרעסט מיר אויפן פּנים! . . .
— פאַרגיב מיר, גאָט, דאָס מאָל,
כדי דײַן נאָמען זאָל איך מיט ערפורכט
תּמיד און פון הײַנט אָן דערמאָנען! . . .

**די פרוי**

/בלײַבט שטײן און קוקט מיט שרעק און פאַרוואונדערונג אויפן געדראַנג.

פאַרוואָס אין מײַן אַנגעזיכט
איז אַזוי שרעקלעך דער געדראַנג? . . .
געקומען בין איך צו אײַך
ווי צו ברידער הײַנט, —
צו אײַך געבראַכט מײַן שאַנד
און דעם שפּאָט, וואָס וועט באַגלײטן
מײַן וועג פון אַצינדערט אָן.

**קולות פונעם המון**

— הערט, עס רעדט! . . .
— עס רעדט מיט אַ קול פון מענטש! . . .
— גאָט אַנטפּלעקט זיך ווי אַ מענטש! . . .

/דער הימל איבערן באַרג, קעגן וועלכן עס צײכנט זיך אָפּ דאָס געשטאַלט פון דער פרוי, הײבט אָן פלוצים רויט ווערן. עס זעט אויס ווי דער אָפּשײַן פון אַ ווײַטער שׂרפה. דער המון, דערזעט עס און פאַלט אַרײַן אין נאָך אַ גרעסערער שרעק און ער צעלויפט זיך צו די זײַטן בערג און צום אַרײַנגאַנג פון הײלן. די גאַנצע סצענע ווערט אײַנגעהילט אין אַ טונקל-רויטקײט. די שאָטנס ווערן מאָוימדיק. די רויטקײט צײכנט זיך אַמשטאַרקסטן אויס אויף דער ווײַסקייט פון דער פרויען-געשטאַלט.

**קולות פונעם המון**

— מיט פײַער ווערט פאַרפלײצט דער הימל! . . .

— אַ נייער מבול ט׳קומען אויף דער וועלט! . . .
— גאָט האָט געשוואוירן: „מער קיין מבול קיינמאָל״ —
פאַרפלייצט ער מיט פייער אַצינד די ערד! . . .
— ראַטעוועט זיך אין די שפּאַלטן פון די היילן! . . .

**נפתלי**

/לויפט פון איין גרופּע צו אַ צווייטער — וויל זיי באַרואיקן:
פאַרוואָס אין ווילדן פּחד
זיינט איר אַצינד אַזוי אַריינגעפאַלן? —
באַרואיקט זיך און קיין בייז וועט אייך געשען!
ניט פון הימל איז דאָס אַ פייער! . . . —
די נאַכט פון ביכורים איז היינט אין כנען,
און דער אָפּגלאַנץ פון די שייטערהויפנס אויף די בערג
איז די רויטקייט, וואָס איר זעט.

**די פרוי**

איך פאַרשטיי ניט . . . פאַרוואָס אַזאַ פּחד
האָט מיין דערשיינונג אַרויסגערופן ביי אייך?
איך בין דאָך אייער אַלט באַקאַנטע,
וועלכע בענטשט אייך מיט פרידן יעדן טאָג.

/זי וואַרפט פון זיך אַראָפּ דעם שלייער.

**קולות פונעם המון**

— ס׳איז בלהה גאָר! . . .
— בלהה איז עס דאָך! . . .

**נפתלי**

/דערשראָקן און פאַרוואונדערט:
מוטער! . . .
וואָס האָט דיינע טריט אַהער געבראַכט? . . .

**בלהה**

געהערט האָב איך רייד פאַרבאָרגענע פון פאַסטעכער,
אַז פאַרזאַמלען וועלן זיך היינט קנעכט דערשלאָגענע
צווישן די שפּאַלטן בערג פון דודאן,
און נאָכדעם וואָס באַליידיקט בין איך היינט אַזוי געוואָרן,
בין איך אַהער געקומען מיין חלק צו טיילן דאָ מיט אייך.
ברידער, זאָל אייער געמיט היינט ניט צאַרענען,
וואָס איך, אַ פרוי, די קעבסווייב פון אַ האַר,

אָבער דאָך אַ דינסט און ניט מיין
אין דעם זעלבן הויז פונעם האַר, —
קום אויפהייבן מיין שטימע אויך
אין דער געזעלשאַפט פון מענער חשובע —
וואָרן באַשטראָפט האָט גאָט מיין גורל אַזוי ווי אייערן.

אַ דינסט בין איך . . . נאָך אין דורן ווי אַ דינסט,
אויפן מאַרק, מיט שאָף און רינד אינאיינעם,
בין איך פאַרקויפט געוואָרן . . . אַ דינסט . . .
פאַרוואָס אַ דינסט ? . . . האָט מיך דען אַ מוטערס טראַכט
ניט אַזוי אין ווייטיקן געבוירן ווי דער טראַכט
פון די וואָס האַרנטעס זיינען אויף דער וועלט ?
האָט מיין פאָטער דען מיין מוטער מיט ווייניקער
ליבע און תאווה דען באַפרוכפערט ?
האָב איך דען מוטערס מילך אַמאָל ניט געזויגן ?
האָט מיין מיידלשאַפט צו מוטערשאַפט ניט געצויגן ?
און ווען קינדער האָב איך אַמאָל געהאַט, —
איז דען דאָס ניט איך געווען,
וואָס אויף בראָכשטול איז געזעסן ?
טאָ פאַרוואָס פון מוטער-ווייטיקן בין איך געווען באַגנאַדיקט
און פון קינדער-נחת בין איך באַרויבט ?

אַ דינסט בין איך געווען צו רחלען,
פון יעקבן די ליבסטע ווייב, —
און ווען פון דער עפענונג פון טראַכט
האָט רחלען גאָט פאַרמידן, —
האָט זי צו יעקבן, אָנשטאָט זיך, מיך געגעבן
און — ניט געהייליקט אונדזער בונד דורך אַ האָכצייט —
בין איך צו ווייבלעכקייט דורך אים געבראַכט געוואָרן . . .
און ווען צו יעקבן האָב איך אַ זון געבוירן,
האָט רחל — ניט איך ! — ביי זיך אין די אָרעמס אים דערצויגן
און פון רדזלען — ניט פון מיר ! — איז ער געווען אַ קינד . . .
פאַרוואָס פון מיין קינד בין איך געווען באַרויבט ? . . .
און שפּעטער, ווען אין קימפּעט
איז רחל אַליין פון דער וועלט אַוועק
און איר זון האָב איך אַליין דערצויגן, —
פאַרוואָס ניט איך — נייערט זי ! — איז
פון יענעם קינד די מוטער ? . . .

אַ דינסט בין איך! . . . דאָך פון יעקבס תאווה
וואָלט איך קיינמאָל ניט געקענט באַפרוכפּערט ווערן
ווען יעקבן וואָלט איך ניט ליב געהאַט . . .
איך האָב אים ליב געהאַט . . . און אין מיין ליבשאַפט
צו אים האָב איך זיך געגעבן,
פאַרגעסנדיק אַפילו פון מיין שטאַנד די שאַנד. —
דאָך ווען געפילט האָב איך זיין רתאווה,
אויך געפילט האָב איך, אַז הגם אין מיינע אָרעמס איז ער געלעגן,
די ליבע האָט ער אָבער געשאַנקען צו מיין האַרנטע, צו רחלען . . .
ס'האָט מיר ווי געטאָן צו זיין ניט איך,
דאָך . . . איך האָב ליב געהאַט! — האָב איך אין ליבשאַפט
די וויטיקן אין זיך פאַרבאָרגן
און זיך אינעם געשטאַלט פון רחלען,
פאַר באַפרוכפּערונג צו אים געטראָגן . . .
איך האָב געליטן . . . אָבער אפילו מיינע ליידן האָב איך ליב געהאַט!
ביז — היינט אָוונט — און דער עלצטער פון די זין פון יעקב,
ראובן, וואָס איז זיין בכור,
האָט זיך אַריינגעריסן מיט גליענדיקער תאווה און מיט שטאַרקע אָרעמס
צו מיר אין געצעלט און צו מיין געלעגער דאָרט . . .
ער האָט מיך געשטיקט . . . איך האָב זיך געווערט . . .
ער'ט מיך בייגעקומען . . .
און ווען מיינע פאַרשטיקטע קולות יעקב האָט דערהערט
און איז אין געצעלט צו מיר געקומען . . . —
ביי ראובנען האָט ער בלויז זיין בכורה צוגענומען
און מיך . . . פאַרטריבן האָט ער פון זיין הויז . . .
וואוהין זאָל איך זיך ווענדן איצט? . . .
צו וועמען זאָל איך גיין? . . .
וואָלטן מיינע זין כאָטש פריי געווען! . . . —
זיינען זיי דאָך די זין פון אַ דינסט
און פון יעקבס הויז די קנעכט . . .
ניט פריי זיינען זיי צו גיין נאָך זייער מוטער,
ניט פריי זייער מוטער צו זיך אין געצעלט צו נעמען . . .

/זי פאַלט מיט אַ יאָמער צו דער ערד.

**נפתלי**

/פאַלט צו צו איר:

מוטער! . . . מוטער! . . . ברענג טרייסט צו זיך! . . .
איך און דן וועלן זוכן גערעכטיקייט פאַר דיר,

און אויב ביי ראובנען וועל איך קיין גערעכטיקייט ניט געפינען
און גערעכטיקייט פארהיילן וועט פון מיר אויך יעקב, —
וועל איך נקמה נעמען פון יעקבס גאנצן הויז.

/ער ווענדט זיך צום המון:

ברידער, איר האט געהערט!
זאל אט דאס געהערטע צונעמען פון אייך דעם פחד,
ווארן אויב גערעכטיקייט איז דארט אין הימל,
וועט א פארפלייצעניש ניט אויף אונדז, די גערעכטע, קומען,
נייערט קומען וועט זי אויפן הויז,
וואס איז די נעסט פון בייזע שלאנגען!
ברידער, פירט מיט מיר היינט אייער וועג?

**דער המון**

/איז נאך אלץ אין פחד. איינצלנע קולות:
— אן עוולה איז באגאנגען געווארן אין דעם הויז פון יעקב!
— אן אומגערעכטיקייט קעגן אונדזערער א שוועסטער!
— דער צארן פון גאט וועט זיך אויסגיסן אויף זייערע קעפ!
— דעם צארן פון אונדז זאל גאט אויף ראובנען ווענדן!

**נפתלי**

/אויפגערעגט און צעווייטיקט:
איך הער אייערע שטימעס פחד'דיק,
פארלאזט האט אייך דער צארן,
וואס האט אייך היינט אהער געבראכט . . .
אומזיכער און פול מיט ציטער —
פארגעסן האט איר אייער אייגענע שאנד
און אויפגעהערט קלינגען האבן אין אייערע אויערן
די רופן פון אייערע שוועסטער, געליבטע,
ברידער, מוטערס, פאטערס, וואס זייערע קולות
שרייען דורך אייך פון ערד צום הימל,
רופן צו אייך פון די ווייטע ווייטענישן פון די אלע לענדער,
פון וואנען, ווי שאף, מע האט אייך צונויפגעפירט אהער
און, ווי פון שאף, שינדט מען דא פון אייך די הויט,
און ווי שאף קויפט מען און מ'פארקויפט אייך
דא אט אויפן מארק.
עס פליסן דאך אין מאנכע דא פון אייך

די בלוטן פון מלכים און גרויסע פירער, —
פאַרוואָס אַזוי בילליק און דורך אַביסל פחד
טוט איר עס דאָ אויסוועקסלען אַצינד?
זיינען אינאיינעם מיט אייערע קערפּערס
אויך אייערע נשמות צו שקלאַפעריי פאַרקויפט?
אָט שטייט פאַר אייך מיין מוטער דאָ ווי אַ פרישער עדות
אויף גרויסע אומגערעכטיקייטן, וואָס ווערן דאָ באַגאַנגען
קעגן אַלעמען, וואָס דורך זייער דערנידערונג פון שקלאַפעריי,
איז פון זיי אָפּגענומען געוואָרן דער מיטל צו קאַנען ווערן זיך.
בלהה איז אַן עדות! — איז דאָס אַן אומגערעכטיקייט,
וואָס איז בלויז קעגן איר באַגאַנגען? —
ניין! דאָס איז די תורה פון אומגערעכטיקייט,
וואָס איז איינגעוואָרצלט אין דעם שטאַם פון הארן,
וואָס האָט בלהה‏ן געטראָפן היינט,
וואָס האָט אייך געטראָפן נעכטן
און וואָס וועט טרעפן אייך אויך מאָרגן.
און אַן, ביים ראַנד פונעם מדבר,
וואַנדערן נאָך עד היום יענע שבטים,
וואָס זאָגן עדות אויף זייער עלטער־באָבען, הגרן,
און עדות אויף זייער עלטער־זיידן, ישמעאלן,
וואָס אַזוי ווי יעקב האָט גענוצט מיין מוטער, בלההן,
האָט יעקבס זיידע, דער עברי אברהם,
ווען ער האָט זיין געליבטע פרוי, אונדזער באָבע שרה,
צו אים קיין קינדער ברענגען ניט געקאָנט, —
האָט ער באַלעגן שרהס יונגע מיצרי־דינסט, הגרן,
און ווען זי האָט צו אים אַ זון געבוירן
און דורכדעם אויך אַ זון צו איר האַרנטע, צו שרהן,
האָט ער שפּעטער הגרן, זיין קעפּסווייב,
וואָס איז אין זיין שויס געלעגן
און באַפּרוכפּערט געוואָרן פון זיין תאווה, —
מיט איר — מיט זיין זון אינאיינעם,
פאַרטריבן אין מדבר און אָן קיין וואַסער און אָן קיין ברויט . . .
און דאָס איז דאָך דער זעלביקער אברהם, וואָס מיט אים,
מיטן ערשטן האָט יעהאָוואַ אַ בונד געשניטן . . .
און פאַר פאַרקערן אונדז צו זיין גלויבן,
האָט אים יעהאָוואַ אַוועקגעשאָנקען לענדער
און — די געוועלטיקונג איבער אונדזערע לייבער . . .

ברידער! איך שיק צו אייך אַצינד מיין רוף,
איך שטעל פאַר עדות פון אַ באַגאַנגענער אומגערעכטיקייט
היינט פאַר אייך אַרויס — מיין מוטער! זיך אַליין! —
וואָס אַ פאָטער איז דאָך צו מיר דער האָר פון אונדזער הויז
און דאָך דערנידעריקט און פאַרקנעכט איז מיין חלק דאָרט! —
איך רוף פאַר עדות די אומגערעכטיקייטן,
וואָס רינגלען אונדז אומעטום אַרום!
איך רוף צו אייך צו הויבן אייער שטימע
מיט מיר אינײנעם, מיט אונדזער ברודער יוספן,
וואָס איינציק איז ער אין אונדזער לאַנד
צו ווידערשפעניקן קעגן עוולות, וואָס ווערן דאָ באַגאַנגען!
איך רוף צו אייך! וועט איר גיין מיט מיר?

/דער המון שווייגט. רוקט זיך נעענטער צו די ווענט פון די בערג. טוליעט זיך צו די בערג, מישט זיך אויס מיט דער גרויקייט פון די ווענט, ווערט אויסגעמישט מיט איר — ווערט איין גרויע מאַסע מיט די בערג, ווי זיי וואָלטן געווען אַ טייל פון די בערג, אַ טייל פון דעם שטויב פון דער ערד . . .

/נפתלי שטייט מיט די הענט אויסגעשטרעקט צום המון. בלהה פאַלט אויף דער ערד צו זיינע פיס און צעוויינט זיך אויפן קול. אַ לאַנגע פויזע.

/די רויטקייט אויפן הימל צעשפרייט זיך, ווערט שטאַרקער און שטאַרקער און טונקט איין אין רויטקייט דעם גאַנצן אַרום. אַנשטאָט גרוי, ווערן שוין איצט רויט די בערג. רויט ווערן אויך די אומקלאָרע סילועטן פונעם המון, וואָס טוליען זיך צו די בערג.

**נפתלי**

איר באַהאַלט זיך! פחדנים!
איר, אין פרייהייט געבוירענע,
האָט צו שקלאַפעריי סיי זיך
און סיי אייער זאַמען פאַרקויפט? . . .
איך רוף צו אייך
און מיין קול איז ווי אַ רוף אין מדבר,
און אַנשטאָט צו ברענגען זיך צום אייגענעם וואָרט,
מישט איר זיך ליבערשט מיט דעם שטויב פון ערד . . .

האָט זיך פריער פּחד אין אייער האַרץ אַריינגעטאָן,
איז דאָך די סיבה פון אייער פּחד שוין לאַנג צונישט געוואָרן,
פאַרוואָס קאָנט איר זיך נאָך אַלץ פון איםם ניט באַפרייען? . . .
הערט זיך צו מיין שטימע צו,
וואָרן דאָס רופט אַ ברודער דאָך צו אייך!

**פונעם המון**

/שוואַכע שטימעס, טעמפּע, ווי דער אָפּקלאַנג פון די בערג.

**איינער**

ווען גאָט זאָל צו אונדז מיט טענות קומען,
האָט ער אַלע מיטלען אונדז צו שטראָפן . . .

**אַ צווייטער**

ער האָט אין זיין רשות די וואָלקנס
מיט זייערע פייער־שפּיזן . . .

**אַ דריטער**

ער קאָן פאַרמיידן פון אונדז די ברכה פון זיין רעגן
און שיקן אויף אונדז די בייזע רוחות
פון הונגער, קראַנקייטן און פעסט.

**אַ פערטער**

מאַכטיק זיינען אונדזערע האַרן
און אין בונד זיינען זיי מיט גאָט . . .

**אַ פינפטער**

די מרידה, צו וואָס דו רופסט אונדז,
איז אַ וועג אַ זיכערער צום טויט . . .

**נפתלי**

/עס לאָזן זיך ביי אים אַראָפּ די הענט. ער הויבט אָן איינזינקען. לאָזט זיך אַראָפּ אויף דער ערד לעבן זיין מוטער. מיט אַ שוואַכן, צע־וויטיקטן קול:

מוטער! געדעכטיקייט פאַר דיר, פאַר זיך,
פאַר דער גאָרער וועלט האָב איך געזוכט —
און שרעק און פּחד און הערצער פון אַ האָז האָב איך געפונען —
און דווקא דאָרט, וואו לייבן האָב איך מיר פאַרגעשטעלט . . .

/די רויטקייט פונעם הימל פאַרשטאַרקט זיך. אַלע זיינען צוגעטוליעט צו דער ערד. עס הערט זיך בלויז דאָס שטילע כליפּען פון בלהה.

בלויז דאָס געשטאַלט פונעם נזיר בלייבט איבער פּראָמינענט און אומ־באַוירלעך ווי געווען. ער איז אין גאַנצן איינגעטונקט אין רויטקייט. ער וויגט זיך פאָרויס און צוריק און מוראדיק וויגט זיך אויך זיין שאָטן איבער די ווענט.

**נפתלי**

וויין ניט, מוטער! דערשטיק דאָס געוויין אין זיך!
זיי שטום! אונדזער צער און אונדזער צאָרן
ווערט אַלץ איינס, פון קיינעם ניט געהערט . . .

/בלהה דערשטיקט איר כליפּען. פויזע. מוראדיקע שטילקייט. דער נזיר וויגט זיך. די רויטקייט פאַרשפּרייט זיך. דערנאָך הייבט אָן דער נזיר רעדן מיט אַ טרויעריקן קול. ער ווענדט זיך ניט צו קיינעם. ער רעדט אין דעם חלל פון דער נאַכט אַריין.

**דער נזיר**

שוין פערצן מאָל האָט די זון באַגינט דעם מזרח
און אַזויפיל מאָל האָט זי אויך באַפאַרבט דעם מערב
זינט מיין גומען האָט צום לעצטן מאָל דעם טעם פון שפּייז פאַרזוכט.
פאַרשוואונדן איז פון מיין לייב די פעטקייט,
און די צייכנס פון מיינע ביינער האָבן אויסגעבולט זיך,
שוין שווער איז געוואָרן צו באַוועגן מיינע גלידער,
פון וואָס מיין קערפּער איז אַמאָל באַשטאַנען
איז בלויז האַלב געבליבן
און פון מיר די צווייטע העלפט איז ערגעץ וואו פאַרלוירן . . .
אָבער ניט געשוואַכט, נייערט מער געשטאַרקט, איז מיין זעל געוואָרן,
און זעונגען, וואָס פלעגן אַמאָל צו מיר קיינמאָל ניט קומען,
אַנטפּלעקן זיך אַצינד צו מיין געמיט,
און קלאָרקייט איז געבראַכט געוואָרן,
אויפן אָרט פון אומקלאָרקייט, צו מיין פאַרשטאַנד: —

אַז פאַלש איז דאָס פלייש פון מענטשן,
הבל איז די אַנטוואוגג פון פלייש און ביינער, —
ווארים פיל פלייש האָב איך דאַך איצט פאַרלוירן,
און אויך געקענט וואָלט איך דאָך מיינע פיס און הענט
אָפּשערן אַלס צוגאָב, ווי מען שערט פון דער שאָף די וואָל, —

און מיין פֿאַרשטאַנד וואָלט דאָך דורך דעם
ניט געמינערט געוואָרן אויף אַ האָר.

און ווען איך האָב אַמאָל איבער שפּיצן בערג געוואַנדערט
און פֿון דאָרט באַנומען די גרויסקייט פֿון דער וועלט,
האָב איך עס מיט זיך פֿאַרגליכן,
און זיך אין נישטיקייט דערזען.
און איך האָב זיך אָטאָדאָ אין הייל פֿאַרטוליעט,
פֿון דער וועלט זיך בלויז פֿיר איילן פֿאַרגונען,
כדי פֿילן זאָל איך קאָנען, אַז דער גאַנצער רוים פֿון מיין באַנעם
איז אָנגעפֿילט מיט מיר—וואָס איז פֿאַר נישטיקייט פֿול מיט שרעק.
און היינט, ווען איך האָב ווידער איבער בערג געוואַנדערט,
האָב איך געפֿילט אַ לייכטקייט אין מיינע אברים
און אַ לייכטקייט אין געמיט,
און איך האָב מער קיין נישטיקייט ניט געשפּירט.
געפֿילט האָב איך פֿון מענטש די ברייטקייט,
און אַ נאָענטקייט צו יענעם כוח,
וואָס זיין אָטעם איז דאָך דאָס,
וואָס עס לעבט אָצינד אין מיר
און וואָס אַ חלק פֿון אים ווער איך דאָך דורכדעם,
וואָרן וואָס סע לעבט אין מיר איז דאָך — ע ר !

/פּויזע. מוראדיקע שטילקייט. פֿון דער רויטלעכקייט פֿונעם אָרום
סטאַרטשען שרעקעדיקע בליקן פֿון דעם המון, וואָס טוליעט זיך צו
די בערג. פֿונעם שפּיץ באַרג דערטראָגט זיך אַ קול. דער מענטש,
וואָס רעדט, באַווייזט זיך ניט.

## דאָס קול פֿונעם שפּיץ באַרג

עס רופֿט אָן אָנזאָגער צו אייך,
און טרויעריק איז די בשורה פֿון זיין מויל ! —
אין דער נאַכט פֿונעם יום־טוב פֿון ביכורים היינט
פֿלאַקערט אין אַ פֿייער שכם, די גרויסע שטאָט,
און די רויטקייט אויפֿן הימל איז עס פֿון שכם דער פֿלאַקער,
וואָס רייסט זיך מיט גלוט אין דער טונקלקייט פֿון נאַכט.
אַרומגערינגלט איז שכם פֿון אַלע זייטן

פון אליפזן און זיינע מדינות בעדואינער,
עס ברענען פון שכם אירע אַלע הייזער,
אירע פעסטונגען און הויכע טורעמס,
און אירע אַלע איינוואוינער, פון קליין ביז גרויס,
ווער פאַרלענדט ווערט ניט פון שווערד,
קומט אום אין די פלאַמען פון זיין הויז.
און פון שטאָט די האָב און גוטס
און אַלע אירע שאָף און רינדער
ווערן איצט פון יעקבס זין
קיין דותן אַהער געפירט.
און איך איינער, אַן אַנטרונענער פון דאָרט,
קום צו אייך מיט דער טרויעריקייט פון בשׂורה,
אַז אַנטלויפן פון דאַנען זאָלט איר אַלע
איידער דער צאָרן פון שכם וועט אויך אַהער דערגרייכן!

/אין אַ געדראַנג און אַנגעפילט מיט פחד לאָזט זיך דער המון לויפן צום אַרויסגאַנג פון די בערג און ווערט פאַרשוואונדן דאָרט. עס רירן זיך ניט פון זייערע ערטער בלויז דער נזיר, בלהה און נפתלי.

/אַראָפּ דעם באַרג, אויפן שטעגל, באַווייזט זיך, לויפנדיק האַסטיק און מיט גרויס אימפּעט, דן. ער שטעלט זיך אָפּ דהאַלבוועגס און קוקט זיך אַרום. דערזעענדיק דעם נזיר לויפט ער שנעל אַראָפּ צו אים.

**דן**

איך זון מיין מוטער
און מיין ברודער זוך איך —
געזאָגט האָט מען מיר,
אַז דאָ האָט מען זיי געזען.

/דער נזיר, שטום, צייגט אים אָן אויף בלהה און נפתלין. דן טרעט צו צו זיי און טרייסלט זיי.

מוטער! ברודער! שטייט אויף! —
אַ בשׂורה איז אין מיין מויל צו אייך!

**נפתלי**

רייד! איך הער!

דן

און מוטער, דו, הער אויך זיך צו צו מיינע רייד,
ווארן אַ בשורה טראָג איך אויך צו דיר!

בלהה

אָפּגעשניטן זיינען פאַר מיר אַלע וועגן,
פאַרשטעלט פאַר מיר זיינען פונעם לעבן אַלע שטעגן,
איך האָב ניט מער וואוהין צו גיין . . .
וואָס ווילסטו, איך זאָל הערן? . . .

דן

געטראָפן האָב איך פריער זיך מיט יהודהן
און פאַרשניטן האָב איך מיט אים אַ בונד —
און געהייליקט איז דער בונד
מיט די בלוטן פון אונדזערע אָרעמס, —
אַז אויסגעגליכן מיט אַלע זין פון יעקב
זאָלן די זין פון די דינסטן ווערן,
און גלייך זאָל זייער חלק זיין
אין דער ירושה פון ישראלס הויז.
און פאַרקרעפטיקט האָט דעם בונד אויך ראובן,
דער בכור פון אונדזער פאָטערס הויז.
אַז צוגלייך מיט די האַרנטעס
זאָלן בלהה און אויך זלפּה
זיין אין די געצעלטן,
וואָס יעקב האָט פאַרנייגט.

נפתלי

/שפּרינגט אויף:

ברודער! דו דערציילסט!
איז עס חלום אָדער וואָר? . . .

דן

ברודער, עס איז וואָר!

בלהה

/שטעלט זיך אויך אויף

מיין זון! . . . איז עס וואָר? . . .

/זי לאָזט זיך אָבער באַלד צוריק אַראָפּ אויף דער ערד.

אָבער דאָך ניט אַ האַרנטע
קאָן איך שוין ווערן איצט . . .

טראָגן מוזן וועל איך דאָך די שאַנד,
וואָס געשענדט בין איך היינט . . .

**דן**

מוטער! ס'איז מיר אַלץ באַקאַנט!
ראובן האָט אונדז אַלץ דערציילט . . .
און ניט מיין נאָמען וואָלט דן געווען,
אויב פון ראובנען וואָלט איך דיין שאַנד
מיט די בלוטן פון זיין לייב ניט אויסגעקויפט,
ווען ניט געשוואוירן וואָלט ער אין זיין געצעלט
אַ גלייכן חלק מיט זיינע ווייבער דיר צו געבן.
און געשיקט בין איך אַהער פון אים אַליין
צו פירן דיך אין זיין געצעלט,
וואו עס וועט תמיד זיין דיין אָרט,
אויב צוריקקערן וועט דיך ניט יעקב
אין זיין געצעלט צו זיך
מיט פויקן און מיט שאַלן,
מיט שופרות און צימבאַלן,
ווי געהעריק איז ווען אַ מאַן טוט אין האָכצייט
נעמען צו זיך אַ פרוי.

**בלהה**

/לויפט צום נזיר, בוקט זיך צו אים און בוקט זיך דערנאָך אין דער ריכטונג פונעם מזבח.

הייליקער מאַן! געבענטשט זאָל זייך דיין נאָמען,
וואָס זעענדיק דעם בראָך פון מענטשן
האָסטו זיי צו טרייסט גערופן!
און דערפאַר קרבנות צו דיין גאָט פון שדי
וועל איך אַהער צו דיר ברענגען יעדן טאָג!

# בילד צוויי

פאַרטאָג פון דער זעלביקער נאַכט. די זעלביקע סצענע ווי אין פאַריקן בילד. עס שיינט די לבנה. נפתלי ליגט אויסגעצויגן אויף דער ערד און שלאָפט. פון די שפּאַלטן פון די בערג און פון צווישן די צעוואָרפענע שטיינער קריכן אַרויס שרעטעלעך. זיי קוקן זיך פאָרזיכטיק אום, פרעגן זיך איבער איינס דעם צווייטן:

**אַ שרעטעלע**

ווייט און ברייט — מע זעט ניט קיינעם;
אויך דער נזיר איז אין זיין הייל אַוועק;
אויסגעלאָשן ס'פייער איז פון מזבח,
און שרעק פאַרטריבן האָט דעם המון. —
ברידער, קומט אַרויס!

**אַ צווייט שרעטעלע**

עמעץ איז נאָך דאָ פאַרבליבן . . .
אָן זע איך עס ליגט נאָך דאָרטן איינער,
אָדם־חוה'ס אַ מענטשן־קינד.

**אַ דריט שרעטעלע**

איך שפיר פון שלאָף דעם ריח
ווי ער פלאַטערט איבער אים.

**אַ פערט שרעטעלע**

איך גיי זען.

**דאָס דריט שרעטעלע**

נעם מיט זיך דעם ריח פונעם גרעזל,
וואָס ציט מידקייט איבער גלידער
און פאַרטיף אים שטאַרקער אין זיין שלאָף.

(דאָס פערט שרעטעלע גייט צו צו נפתלין און באַטראַכט אים פון אַלע זייטן. נפתלי איז זייער אומרואיק אין זיין שלאָף. ער קערט זיך פון זייט אויף זייט און דערנאָך זעצט ער זיך אַוועק. דאָס שרעטעלע שפּרינגט אָפּ אָן אַ זייט און באַהאַלט זיך צווישן צוויי שטיינער.)

נפתלי

וואו ביזטו, יוסף? צי קאָנסטו זען ווי אַלע — אין אַ פאַרשווערונג —
האָבן אַ בונד געשניטן קעגן דיר?
אפילו דיינע שטיף־ברידער, וואָס פאַר זייער פרייהייט
האָסטו דיין לעבן און דיין וואוילזיין איינגעשטעלט,
האָבן דיך פאַרראַטן פאַר אַן אָפּגעגריזשעט ביינדל,
וואָס מע וואַרפט צו אַ הונט . . .
און אין זייער פאַרשווערונג, מיט אַ שבועה
און מיט דער פאַרשניידונג פון אַ בונד,
האָבן זיי אויך מיך אַריינגעצויגן . . .
ליג איך אָט מיט דער פּלאָגעניש פון מיין געוויסן
און מיט דעם גיפט פון מיין פאַרראַט אין מיין האַרץ
און איך קלייב פאַר זיך די ברירה,
צי זאָל איך פאַרשווערכן פון דיר די פריינטשאַפט,
וואָס פאַרטרוילעך און אַן אַ בונד פון שבועה
האָסטו מיר געשאָנקען
און וואָס נאָך הייליקער דורכדעם איז זי
צו מיר געוואָרן.
ליבער שלאָף! פאַרשפרייט כאָטש דו איבער מיר
די פליגלען דיינע און —
ווי צוגעקלעפּט צום שוויגן האָט די שבועה
מיין צונג צום גומען, —
שמיד אַזוי מיינע אברים
פונעם שלאָף צום שטומען.

/ער פאַלט צוריק צו דער ערד. דאָס שרעטעלע וואַרט אַ ווײַלע און קומט צוריק צו אים. נפתלי קערט זיך פון זייט צו זייט, אָטעמט שווער און זיפצט. דאָס שרעטעלע נעמט אַרויס אַ טרייבל פון אונטער זיין מאַנטל, לייגט אַהין עפּעס אַריין און בלאָזט אויף נפתלין. דערנאָך טרעט ער צו אים צו נאָך נעענטער, הערט זיך צו צו זיין אָטעם, איבערצייגט זיך, אַז ער איז טאַקע איינגעשלאָפן, און ווענדט זיך צו זיינע חברים:

דאָס שרעטעלע

ברידער! איך האָב טיפן שלאָף אויף אים אַנגעבלאָזן
און סע וועט דויערן ביז די זון וועט קומען.
קומט אַרויס אַצינד און לאָמיר כאָטש די רעשט פון נאַכט
פאַרברענגען אין טאַנץ און פאַרגעניגן.

ווײַבאַלד פֿון אונדזערע הנאות זײַנען מיר געשטערט געווען
בײַ דעם אָנהויב פֿון דער נאַכט.

/אַ מחנה שרעטעלעך,טאַנצנדיק און שפּרינגענדיק, לויפֿן פֿון זייערע באַ־
העלטענישן אַרויס און רינגלען אַרום נפתּלין.

**אַ יונג שרעטעלע**

ס'איז צום ערשטן מאָל, וואָס אַ מענטשן־קינד
קאָן איך אַזוי נאָענט זען.

**אַ צווייט שרעטעלע**

ווי מאָדנע ער זעט אויס . . .
אַזוי גרויס ! . . . אַזאַ געשטאַלט ! . . .

**אַ דריט שרעטעלע**

/ווענדט זיך צו אַן אַלט שרעטעלע
דו, וואָס די וועגן פֿון די מענטשן זײַנען דיר ניט פֿרעמד,
און וואָס באַקאַנט איז דיר אפֿילו פֿון אַסך פֿון זיי דער שטאַם, —
ווייסטו אפֿשר ווער עס איז דער דאָזיקער
און פֿאַרוואָס איז אַזוי אומרואיק זײַן שלאָף געווען ?

**דאָס אַלט שרעטעלע**

שטריכן אויסערגעוויינלעכע זע איך
אין דעם פּנים פֿון דעמדאָזיקן —
וואָרן קרובהשאַפֿט צו די שטריכן פֿון די שרעטעלעך
זע איך אין זײַן געשטאַלט.
פֿאַראַן אויף דער וועלט אַ זאַך אַזאַ,
וואָס שרעטעלעך גיבן גאָר אויף דעם ניט אַכטונג,
אַזאַ זאַמד אַ געלבלעכער,
פֿון וואָס פּילע שיכטן טרעפֿן מיר אין דער ערד
און וואָס מיר גייען זיי פֿאַרבײַ
און קוקן זיך ניט אום,
אָבער בײַ די מענטשן־קינדער
רופֿן זיך דאָס אוצרות,
און די חשובקייט פֿון איינעם
ווערט בײַ זיי געשאַצט
נאָך דעם פֿאַרמעג פֿון יענעם געלן זאַמד.
און פֿון די ערשטע מענטשן־דורות
און ביז דעם טאָג פֿון הײַנט

פירט זיך צווישן זיי אַ קאַמף אַ בלוטיקער
פאַר דעם באַזיץ פון יענעם זאַמד.
און פאַר יענעם זאַמד
וועט אַ מאַן זיין ווייב פאַרקויפן
און פאַרראַטן וועט די געליבטע
די טייערקייט פון דעם, וואָס ליבט זי,
און אַ פאָטער וועט זיין זון פאַרשטויסן —
ווי פאַרשטויסן וועט דער זון זיין פאָטער.
אָבער אין די שטריכן פון אָט דעם מאַן
זע איך ניט דעם הונגער נאָך יענעם זאַמד,
נייערט איך זע דאָרט דעם שטרעבן נאָך אַזאַ לעבנסלוסט,
וואָס איז אומגעוויינלעך צווישן מענטשן,
וואָרן ער קען פריינטשאַפט ניט אומבייטן
אויף די פילע גרויסע רייצן,
וואָס אונטערטעניקן דעם מענטש.

## אַ שרעטעלע

עפעס אומגעוויינלעך זיינען זיינע רייד געווען,
ווען ער האָט פון שלאָף זיך פריער אויפגעכאַפּט.

## אַ צווייט אַלט שרעטעלע

איך דערקאָן דאָס פּנים פון אָט דעם מענטשן:
ער איז נפתלי, פון יוספן דער ברודער.
און אויך יוספן קאָן איך זייער וואויל,
וואָרן ער איז דער פריינט פון אונדזער מין —
ער קאָן רעדן אונדזער לשון
און אונדזער געדאַנק קאָן ער פאַרשטיין.
אָפּגעזונדערט איז יוסף תמיד פון זיינע ברידער,
אָפּגעזונדערט מיט זיינע מעשים און זיין שטייגער —
יוסף איז אונדזער בעסטער פריינט פון צווישן מענטשן,
און דערפאַר האָט ער דערוועקט אויף זיך דעם צאָרן
פון אַלע זיינע ברידער,
און זיי טוען זיך אַצינד קליגן
ווי אַזוי אים אומברענגען פון דער וועלט.
און אין דעם סוד פון זייערע שלעכטע עצות
פאַרנאַרט, דורך אַ שבועה, האָבן זיי אויך נפתלין.
ראַנגלט זיך דערפאַר זיין געמיט אַצינד
צווישן זיין איבערגעבנקייט צו יוספן

און צווישן זיין התחייבות צו דעם בונד,
וואָס זיינע ברידער האָבן מיט אים פאַרשניטן,
און מיט זיי אין איין עצה זאָל ער אַצינד געהערן.

**אַ שרעטעלע**

איז דאָס וואָס ער זוכט?
און ער קען עס ניט געפינען?
איז דאָך פאַר אונדז די עצה קלאָר,
אַז קעגן אומרעכט מעג מען
אפילו אויך אַ שבועה ברעכן.
טאָ לאָמיר, ברידער, אונדזער דעה
ברענגען אויך צו אים,
לאָמיר זי אַרייַנזינגען אים אין אויער,
זי אַריינטאָן אין זיין חלום
און אַרייַנוועבן אין די פאַרבאָרגענישן פון זיין האַרץ!

**אַלע שרעטעלעך**

/באַגייסטערט

לאָמיר, לאָמיר דאָס טאָן אַצינד! —
וועלן מיר ברענגען אים דערקוויקונג
און אַביסל שפּאַס צו אונדז.

/זיי נעמען זיך פאַר די הענט און דרייבן אָן טאַנצן און דרייען זיך און פלעכטן זיך רונד אַרום נפתלין אין אַ שווינדלענדיקן קאַראַהאָד.

**די שרעטעלעך**

/זינגען טאַנצנדיק

רונד אַרום און רונד אַרום!
פאַר דעם וואָס שלאָפט אין אונדזער מיט
לייגן וועלן מיר אַ צויבער־רינג
און זיין לאָסט אים מאַכן גרינג.

ווי שנעל די זון ווערט נאָר פאַרגאַנגען
און די אַוונט־שאָטנס לייגן זיך אַוועק,
ווערן מענטשנס הערצער באַלד געפאַנגען
צו אונדזער לוסטיקייט, וואָס איז אָן אַ ברעג.

וואָרן ניט באַלעסטיקט זיינען ביי אונדז געמיטן
מיט ווידערשפּרוך צווישן געפיל און טאַט,

ניט אַזוי ווי דער, וואָס ליגט אַטאָ אין מיטן,
מיטן ווידערשפּרוך צווישן פּריינטשאַפט און פאַרראַט.

איצט, ווען ער איז צו אונדז געבראַכט
אין די קילע שאָטנס פון דער נאַכט,
אַנטפּלעקן מיר צו אים דעם סוד פון מאַכט:
— ניט מחייב איז אַ שבועה, אומרעכט וואָס פאַרטראַכט.

רונד אַרום און רונד אַרום
לייגן מיר אַ צויבער־רינג —
פאַרשווינד, דוווירקלעכקייט, זײַט שוין,
און חלום, דו קום גלייך צוגיין!

(זיי שטעלן אָפּ זייער טאַנץ און שטייענדיק אין אַ רינג אַרום נפתלין, נעמען זיי אַרויס פון אונטער זייערע מאַנטלען שופרות און בלאָזן דורך זיי אין אַלע ריכטונגען. דערנאָך שרייען זיי אויס:

ראַ, ראַ, ראַ! טראַ, טאַ, טאַ!
פון אַלע זייטן רונד אַרום,
גוטע גייסטער פון אומעטום,
קומט אַהער, איר אַלע, אומבאַדינג,
קלייבט אַריין זיך אין דעם רינג,
און וואָס איר האָט פאַר אים פאַרטראַכט,
ברענגט צו אים אין חלום פון דער נאַכט!

נפתלי

(הויבט זיך אויף אין שלאָף, קוקט זיך פאַרשלאָפן אַרום.
מיט גוטע צוזאָגענישן האָבן זיי מיך גענאַרט,
מיט געשליפנקייט פון צונג האָבן זיי מיך פאַרנאַרט...
ווי אין אַ כישוף־רינג בין איך איצט פאַרטאָן,
צוגעשמידט בין איך גאָרנישט ניט צו טאָן,
ווען נאָך קיינמאָל אין מיין לעבן בין איך
ניט געווען אַזויפיל צו טעטיקייט גערופן אויפדערגיך.
אָ, צערייסט זיך, קייטן,
וואָס איר האָט מיך אין אַ בונד
פאַרשמידט פון אומרעכט און פון שונד!
אָ, צערייסט זיך קייטן,

װאָס איר האָט צו פײנטשאַפֿט מיך הײנט געפֿאַנגען,
װען מיט ליבע אין שװאַנגערשאַפֿט איז מײַן האַרץ פֿאַרגאַנגען!

/נפתלי לײגט זיך צוריק. די שרעטעלעך צעשיטן זיך אין אַלע זײַטן און פֿאַרשװינדן צװישן די שפּאַלטן פֿון די בערג. נפתלי װערט אַרומגערינגלט מיט אַ פֿײַערדיקן רינג. פֿון אַלע זײַטן קומען אָן **בײזע רוחות** און װילן צוקומען צו אים, אָבער זײ שטױסן זיך אָן אָנעם רינג און מיט משונהדיקע קולות, װאָס דערמאָנען אָן בילערײַ פֿון הינט, כרוקערײַ פֿון חזירים און װאָיערײַ פֿון שאַקאַלן, װערן זײ אָפּגעשטױסן צוריק. זײ דראָען מיט די הענט, טופּען מיט די פֿיס און לאָזן זיך אָװעק אין אַ משונהדיקן, װילדן קאַראַהאָד אַרום דעם רינג און אױף קולי־קולות, צאַרנדיק, װילד, צעיאָמערן און צעגרילצן זײ זיך אין אַ ליד:

**די בײזע רוחות**

כרוק און כרוק, האַו און דינג!
צעגלידערט דעם, װאָס ליגט אין רינג!
װאָרן בײַ װעמען אין געמיט איז גיפֿט פֿון שלאַנג
איז גראַד צו אונדז זײַן שנעלער גאַנג.

פֿון פֿינצטער, פֿינצטערקײט און פֿינצטערניש
װער קען אױספֿלעכטן די ניט־געדעכעניש?
— מיר! מיר! מיר!
און אַז פֿינצטער איז די נאַכט,
{טײַטלען מיט די פֿינגער אױף נפתלין —
און אַז פֿינצטערקײט האָט ער פֿאַרטראַכט,
{טײַטלען מיט די פֿינגער אױף זיך —
און אַז פֿון פֿינצטערניש זײַנען מיר געמאַכט, —
דרײַ פֿינצטערנישן זיך געטראָפֿן —
װער זאָל פֿלעכטן פֿון זײ די גרױסע שטראָפֿן?
מיר! מיר! מיר!

אָבער װער האָט אים פֿון אונדזער בײזקײט אױסגעטײלט?
װער האָט אים פֿון שרעק פֿון נאַכט אָטאָ איצט אױסגעשײלט?
װער רױבט אים פֿון אונדזער געמײנדע און באַדינג?
— דער רינג! דער רינג! דער רינג!

איז כרוק און כרוק און האַו און האַו!
ברעכט צוליב דעם װאָס ליגט אין זײַן מיט,

דעם רינג, וואָס האָט אים פון אונדז פאַרהיט!
און זאָל זיין מיט אונדז,
ווער סע געהערט צו אונדז!

/העלע, באַשטראַלטע, ליכטיקע רוחות הייבן אָן אָנקומען פון אַלע זייטן. די בייזע רוחות, ווען זיי דערזען זיי, הייבן זיי אויף נאָך אַ שרעקלעכערע געבילעריי און קוויטשעריי און צעשיטן זיך העגדום פענדום אין אַלע זייטן. דער רינג לעשט זיך אויס. איבער דער סצענע פאַרשפרייט זיך אַ העלע ליכטיקייט. די ליכטיקייט קומט אַרויס פון די רוחות. פון אויבן לאָזט זיך נידעריק אַראָפּ די זון, די לבנה און צען שטערן. אויף זיי קומען צוריי־קן נאָך גוטע רוחות, לייכטע און באַפליגלטע. זיי אַלע פאַרפילן די סצענע, טאַנצן און זינגען: —

די גוטע רוחות

רונד אַרום און רונד אַרום!
פון דעם וואָס ליגט אין דער מיט,
אָפּגעטאָן האָט זיך אָצינד דער רינג.
ווער וועט אים באַשיצן?
ווער וועט אים פון בייז פאַרהיטן?
— מיר! מיר! מיר!

רונד אַרום און רונד אַרום
קראַנצט זיך אין אַ קרייז!
ווענעמס האַרץ וויל בלייבן ריין —
ווער פאַרהיט אים פון אַלדאָסבייז?
— מיר! מיר! מיר!

זיין דהאַרץ געפּלאָגט פון ספקות,
צעריסן פון לידן איז זיין געמיט,
און אַז אומבאַהאָלפן איז ער אַליין
דערלייזונג זיך צו ברענגען —
ווער דערלייזונג זאָל אים ברענגען?
— מיר! מיר! מיר!

איז שאַראָם באַראָם און העגדום פענדום
קומט, חלומות, צו דעם, וואָס שלאָפט!
און אויגן, וואָס זיינען פון שלאָף פאַרמאַכט,

זאָלן זען ווייטער און בליקן טיפער
פון וועמענס אויגן זיינען אָפן און דערוואַכט.
רינג! רינג! רינג!

/די רוחות פאַרשווינדן. די זון, די לבנה און די שטערן בלייבן הענגען.
אין הינטערגרונט באַווייזט זיך יעקבס געשטאַלט. ער פירט בנימינען פאַר
אַ האַנט. נפתלי הויבט זיך אויף און באַגעגנט אים, פאַרנייגנדיק זיך טיף,
ביז דער ערד.

**יעקב**

{פאַרטיפט אין רעיונות, רעדט פאַר זיך: —
ווען איך בין אויפן באַרג געלעגן,
און צוקאָפּנס האָב איך בלויז געהאַט אַ שטיין
און ניט מער ווי אַ וואַנדער־שטאָק ביי מיר אין האַנט,
און מיין גאַנץ פאַרמעגן איז געווען אַ קרוג מיט וואַסער, —
האָבן פאַר מיין זעאונג הימלען זיך געעפנט
און אַנטפּלעקט האָט זיך פאַר מיר פון אויבן דער פולער גלאַנץ,
און עס האָט זיך פאַר מיין זעאונג אויך דאָס לאַנד אַנטפּלעקט,
אַז ווי פון אויבן דאָס ליכט דאָס אומגעהויערע,
איז געווען פון אונטן די פאַרשפרייטונג גרויסע.

קומט מען צו מיר מיט דער דערמאָנונג,
אַז יאָרן פילע, יאָרן לאַנגע
פון דענסטמאָל אָן זיינען שוין פאַרלאָפן. —
וואוהין אַוועק זיינען יענע יאָרן,
וויבאַלד אַז זייער גאַנג האָב איך דאָך ניט געמערקט?
פאַרוואָס דערציילט מען מיר, אַז פאַר אַ ליבסטער אין מיין דינסט
פון מיינע יאָרן האָט מען פערצן אַראָפּגערעכנט,
וויבאַלד אַז אין דער רעכנונג, וואָס איך האָב אויסציילן געקאָנט,
איז געווען נאָך קירצער פון אַ טאָג דער דאָזיקער מהלך? . . .

און ווען קוקן וויל איך היינט פאַרויס,
ציינט מען מיר אויף מיינע גרויע לאָקן,
און מע ציינט מיר אויף מיינע וואַקלדיקע טריט,
און מיט דער תשובה, אַז פון זיקנה איז די טבע
ניט פאָרויס, נייערט אויף צוריק צו קוקן, —
פאַרשטעלן זעונגען זיך פון מיינע אויגן,

און אַלץ וואָס עס טוט זיך דאָרט פון אויבן,
און וואָס עס שפּרייט זיך אויף דער ערד,
און אַלץ וואָס איז ווייטער פון מיינע דלד אָמות,
טוט זיך פון מיין האַרץ פאַרהיילן.

און אַז יאָרן, ניט פון מיר געלעבטע, האָבן זיך פון מיר פאַרנומען,
און אַז מיט גרויקייט האָבן זיך מיינע האָר באַצויגן,
און אַז אַט די אָרעמס,
וואָס פון ברונעמער שטיינער מאַכטיקע האָבן זיי געקייקלט,
און זיך מיט געץ און מענטש געראַנגלט,
און תמיד זיי באַהערשט, —
אַז זיי ציטערן שוין אפילו, ווען זיי האַלטן בלויז דעם שטאָק;
און אַז מיינע פיס,
וואָס האָבן פון כנען און אַזש ביז חרן מיך געטראָגן, —
ציטערן זיי אפילו, ווען בלויז פון מיין געצעלט
דאַרפן זיי מיך פירן,
און עס ציען מיינע ביינער צו דער רו פון מיינע אָבות; —
טאָ זאָלן די, צו וועמען איך האָב מיין יוגנט איבערגעגעבן
און וואָס קומען פון מיין דיך אַרויס, —
זאָל די פרוכט פון מיינע יוגנט-ליבעס
איצט מיין אָרט פאַרנעמען! —
פאַרזאַמלען זיך אַרום מיר
זאָלן די קינדער מיינע צוועלף!
זאָלן זיי דורכן אויבן קוקן,
זאָלן זיי פון אונטן זייער בליק אויסשפּרייטן,
און ווי איך האָב זיי דערציילט
וואָס געשען איז מיט מיר אַמאָל, —
זאָלן זיי מיר אַצינד באַווייזן
וואָס געשען וועט מיט זיי אַמאָל,
און ווי וועט דער שטייגער זיין פונעם לאַנד,
וואָס האָט אַמאָל זיך איינציק אונטער מיר געקייקלט
און וואָס צו מיר איינציק בירושה איז עס געגעבן, —
ווי וועט פירן זיך דאָס לאַנד,
ווען צוועלף וועט זיין די צאָל פון די יורשים אירע?
מיינע זין, קומט אַרויס!

/עס אַנטפּלעקן זיך אין הינטערגרונט, לינקס פון יעקבן, **ראובן** און **יהודה** און נאָך זיי די איבעריקע פיר זין פון לאהן.

**ראובן**

שווער איבער מיר איז די לאַסט פון דער זינד,
וואָס מיין פאָטערס בעט האָב איך פאַרשוועכט! —
שווער איז דער אויסקויף און די שטראָף,
וואָס אויף מיין חלק האָט יעקב אַרויפגעלייגט!
און אויב ניט דער ערשטלינג פון אונדזער מוטער לאהן
נעמט די פירערשאַפט פון זיינע ברידער איבער,
וויל איך צום בכור פון אונדזער מוטערס שוועסטער, רחל,
גיב איך די פירערשאַפט איבער מיינע ברידער אָפּ,
ווי וויליק עס האָט רחל צו אונדזער מוטער
אָפּגעגעבן דעם דערוויילטן פון איר האַרץ.

**יהודה**

/אין גרימצאָרן —
וויי, וואָס מיטן נאָמען ברודער מוז איך רופן
איינעם, וואָס איז ניט געראָטן אין מיין פאָטער,
וועלכער האָט גאָט און מענטש געקאַנט באַהערשן, —
נייערט געראָטן איז ער אין זיין פחד אין אונדזער פעטער עשו,
וואָס פאַרשטויסן איז ער פון דעם הויז פון זיינע אָבות,
וואָרן ער דהאָט פאַר אַ טעפּל געקעכץ פון לינדזן
זיין בכורה, און אָן בושה, געקאָנט פאַרקויפן,
ווי עס טוט פאַרקויפן זיין בכורה, דו,
פאַר אַ שעה געגנבעטן געלעגער פון אַ פרוי! . . .

/יהודה שיידט זיך אָפּ פון ראובנען און שטעלט זיך אָן אַ זייט. די איבעריקע זין פון לאהן בלייבן שטיין לעבן ראובנען. אין הינטערגרונט, רעכטס פון יעקבן, דאָרט וואו נפתלי שטייט, באַווייזט זיך יוסף און הינטער אים די זין פון בלהה און זלפּה.

**יוסף**

ווען מיין געדאַנק נעמט צעגלידערן די בענקשאַפט פון מיין האַרץ,
זי פורעמען אין ווערטער און אין בילדער קלאָרע,
איז עס ווי די שטריכן פון די ווייטע בערג,
ווען עס האָט באַשלייערט דער נעפּל פון פרימאָרגן: —
אָט זיינען זיי אָטדאָ און אָט אַזוי,

און אַט זיינען זיי גאָר ניטאָ און זיינען עטוואָס אַנדערש.
און אַזוי אַטאָ איז אָפטמאָל פון מיר אַליין פאַרהיילן
און מיין אייגן צונג קען דאַן ניט געפינען דעם באַשטימטן וואָרט
פאַר דעם וואָס נאָגט און פּלאָגט מיין זעל.
און דוכט מיר דענסטמאָל,
אַז איך אַליין ווייס ניט וואָס איך זוך . . .
אפשר זוך איך דאָס, וואָס געפינט זיך ניט אין ערגעץ,
וואָס איז נאָך אפילו ניט געבוירן אין דער פאַרהיילנקייט פון געמיט,
וואָס די ערד האָט עס אויף זיך נאָך קיינמאָל ניט געטראָגן,
און וואָס צו געפינען איז קיינמאָל קיינעם ניט באַשערט . . .
אָבער זאָגן זאָגט צו מיר מיין זעל,
אַז דאָס צו וואָס געוואָרן זיינען שוין מיר מרוצה,
און אַז דאָס, וואָס מיר נעמען שוין אָן פאַר זיכער
אין דער ברייטקייט פון דער וועלט און פון באַשאַף, —
איז ניט דאָס פון וואָס געשאַפן קאָן ווערן צופרידנקייט
פאַר דעם גייסט, וואָס אויף שטייגונג איז זיין פאַרמעסט . . .
און איך — וויי! ניט אויף פשרות בין איך געבוירן
און ניט אויף קויף און פאַרקויף איז מיין זעל באַרייט . . .

אויף מיין פרימאָרגן שפּאַציר בין איך צו אַ לאָנקע היינט פאַרגאַנגען.
אויסגעצויגן האָט זי זיך — אַ דערקוויקונג פאַרן אויג:
גאָלד און גריניק פון איין הימל־ברעג און ביז דעם צווייטן,
און באַפּוצט איז זי געווען מיט פיל פאַרבן־פּראַכט פון בלומען.
אָבער ווען איך האָב געוואָלט באַלייגן אויף דעם פאַרבן־טעפּיך מיין מידן קאָפּ,
האָב איך געפונען, אַז פיל שטח איז דאָ צווישן גרעזעלע און גרעזעלע,
און מרחק איז דאָ צווישן פאַרביק בלום און פאַרביק בלום,
און אַז אין שטח און אין מרחק איז דאָ די נאַקעטקייט פון רויער ערד,
און אַז געמישט זיינען בלומען־ריחות און ווייררייך־דופטן מיט צעפוילטקייט
פון דער ערד.

מיין גייסט אָבער וויל אַן ערד אָן שטחים,
אַ לאָנקע געצויגן אין פאַרבן אָן איבעררייס,
און דופטיקייט און ריינקייט און אָן פון צעפוילטקייט דעם געמיש!
און אויב צוליב פלאַנצונג פון גראָז און פון בלומען,
דאַרף מען געבן איר חלק צו רויקייט פון ערד;
און אויב צוליב דער זעטיקונג פון אויג מיט דעם שעמעריר פון פאַרבן,

מוז מען אויך גרויקייט און דעם צווישן־פאַרב פאַרנעמען, —
וואַרף איך צו איס, מיט שטאָלץ, צוריק זיין,
וואָס ער רופט אָן, געשאַנק, און איך זאָג,
אַז ניט מייסטערלעך געפורעמט האָט ער זיין ערד,
און גרויסער מייסטער זאָל ער זיך ניט רופן . . .
און ווי די לאָנקע אויף דער ערד,
איז אויך דאָס לעבן פון דעם מענטש.
און וויבאַלד מיין לעבן רופט ער אָן זיין אייגנס,
און איך בין אין זיינע הענט ווי דאָס ליים ביים טעפּער,
און פאַר דעם ביסל גליק פונעם לעבן, מוז איך
מיט ווייען פון געבורט און טויט צאָלן טאָפּלט, —
וואַרף איך אים צוריק, וואָס איז זיינס,
איך וואַרף צוריק צו אים פון מיינע נאָזלעכער דעם אָטעם
און נעם פאַר זיך, וואָס איז מיינס:
דעם פרידן און די רו פון ניט־זיין . . .
און אפילו ווען פאַרנעמען זאָל איך די רייד
פון קלוגע אַלטע לייט, אַז מיין גאַנצער וועזן,
און אַז מיין אומוועזן אפילו
איז ניט מער ווי פון אים אַ חלק,
דאַן רעדט דאָך, דורך מיין מויל, ניט איך,
נייערט דער טייל פון דער מאַכטיקייט פון אים, —
איז דאָך אין אים ניטאָ קיין איינקייט,
וואָרן עס ווידערשפּעניקט דאָך — איך —
דער טייל פון אים —
קעגן דער פון אים דער פולער גאַנצקייט . . .
און איך פאַרלאַנג, אַז זאָל דער טייל
צו דער גאַנצקייט ווערן גלייך,
און זאָל דער טייל ניט מינדערווערטיק זיין,
נייערט פון פולקייט פאַרמאָגן דעם פאַרנעם!
אָבער אויב צווישן מיר און אים איז ניטאָ קיין אַנדער שייכות,
חוץ דעם אויסטויש פון וואָס ער גיט און איך טו נעמען,
און פאַר מיין נעמען מוז איך פאַר אים קנעכטיש זיין געבויגן, —
שליידער איך צוריק צו אים אָט דאָס האַנדל־וואַנדל
און איך זאָג צו אים: — נעם זיך דיר דיינס צוריק
און לאָז מיר איבער וואָס איז מיינס,
און דאָס איז: — די פרייהייט מיינע,
די געפילן, וואָס גיבן מיר פאַרנעם און שוואונג

און דאָס ווילן פֿון צו זיין ניט דו,
נייערט דאָס וואָס איך בין אין זיך אַליין! . . .
און אַז מיינס איז אויך ניט קליין,
און אַז מיינס איז גרעסער פֿון דעם,
וואָס ער קאָן מיר געבן,
זאָל זיין דערפֿון אַליין געדרונגען,
וואָס אָנגעפּילט איז מיט לעסטערונג מיין האַרץ
צו אַלץ, וואָס געגעבן האָט ער מיר . . .

**יעקב**

געהערט האָב איך די רייד פֿון אונטערטעניקייט
פֿון ראובנען, דעם עלצטן פֿון מיינע זין,
געהערט האָב איך די רייד פֿון צאָרן פֿון יהודהן,
וואָס ווי אַ לייב וואָלט פֿון זיין האַרץ געברומט,
פֿאַרנומען האָבן מיינע אויערן אויך די רייד פֿון יוספֿן,
וועלכער וויל מיט שטאָלץ באַהערשן די פֿולקייט פֿון דער וועלט.
אָבער מינדערווערטיק איז פֿון רייד די פּעולה,
אויב ניט מיט מעשׂים ווערן זיי באַגלייט, —
לאָמיר זען ווי עס קאָנען דורך פֿאַרנעם
באַפֿרוכפּערט ווערן אייערע רייד. —
זין מיינע, פֿאַרכאַפּט, וואָס עס באַלאַנגט צו אייך!

**יהודה**

/פֿאַרוואונדערט

פֿאַרכאַפּן? . . . די ליידיקייט פֿון פּלאַץ? . . .
די היילן, וואָס ציען זיך אונטער דער ערד? . . .
דעם קליינעם שטח, וואָס איז אַרומגערינגלט פֿון בערג? . . .
איז דאָס די ברייטקייט פֿון לאַנד, וואָס פֿאַר ירושה,
זאָגסטו, האָט גאָט צו דיין הויז באַשערט? . . .

**יעקב**

עס האָט נאָך קיינמאָל קיינער אַ לאַנד באַצוואונגען,
ווען, ווי אַ וואָרים, האָט ער זיך פֿון דער ערד דערהויבן ניט געקאָנט.
נייערט ווער עס האָט צו הימל, זון און שטערן זיך דערהויבן,
און זיך געלערנט זאַכן שאַצן לויט זייער הויכקייט און ברייטקייט פֿון פֿאַרנעם, —
בלויז דער דאָזיקער איז איבער לענדער געוואָרן תּמיד הערשער.
און אויב שמאָל איז דער רוים אָטאָדאָ, אין דעם שפּאַלט פֿון בערג, —
הענגען דאָך אַ זון, אַ לבֿנה, שטערן — ליכטער איבער אייערע קעפּ:

לאָמיר זען צי קאָנט איר זיי פאַרכאַפּן,
און פון זיי — די וועלט . . .

{אַלע ברידער, און אויך בנימין צווישן זיי, לויפן זיך פאַנאַנדער און מיט
אַ שוואונג שפרינגען זיי אַרויף אויף די אַראָפּהענגענדיקע הימל ליכטער.
לוי פאַרכאַפּט די זון, יהודה — די לבנה און די איבעריקע ניין זין —
די ניין שטערן. יוסף איז דער איינציקער וואָס בלייבט שטיין און רירט
זיך ניט פון אָרט. יעקב ווענדט זיך צו אים:}

יעקב

פון אַלע דיינע ברידער
איינציק, יוסף, ביזטו געווען,
וואָס ביזן הימל און אפילו העכער
איז געווען דיין פאַרמעסט.
און ווען דיינע ברידער
צו הימלען האָבן זיך דערהויבן,
פאַרוואָס געבליבן צוגעשמידט זיינען
דיינע פיס צו דער ערד?

יוסף

וואָרן איך קאָן דאָך ניט מיין גוף צעציען,
אַז זיין זאָל ער סיי אויבן און סיי אונטן,
און אַז ניט באַשטענדיק און אומצופרידן
בין איך אויף דער שפּלותדיקייט פון ערד
איז עס דאָך בלויז דערפאַר,
וואָס פאַרנעמען קאָן איך ניט אַלץ מיט איין מאָל.
און וויבאַלד, אַז צו פאַרנעמען איז מיר באַשערט בלויז אַ ברעקעלע,
איז דאָך ניט קיין חילוק צי דאָס ברעקעלע איז
פון דער ערד די זאַפטיקייט,
צי פון דעם הימל אַ שטיקעלע פון זיין רוים.
אָט די ברידער מיינע, וואָס צו הויך האָבן זיי זיך דערהויבן,
פאַרנומען האָבן זיי דאָך ניט קיין אויסטערלישע רוים, —
ניט האָבן זיי דעם הימל צו דער ערד גענידערט
און ניט האָבן זיי ערד צום הימל אַרויפגעבראַכט;
ניט האָבן זיי זייערע זעלעס אַזוי אויסגעשפרייט,
אַז ערד און הימל און פון רוים די אַלע הערשאַפטן
האָבן זיי אין זיך אַריינגענומען און פאַרטאָן —
איז דאָך זייער חלק און די ירושה פון זייער דערוויילונג

אַזוי קליין ווי פון תּמיד אַלץ איינס פאַרבליבן, —
פאַרוואָס זאָל איך אויך מיין חלק צווישן זיי פאַרטאָן,
וויבאַלד אין זייער דערהויבונג איז דאָ דערנידערונג נאָך מער? . . .

**יעקב**

/שטייט אויף פון זיין אָרט און פאַרשפּרייט איבער יוספן זיינע הענט צו בענטשן אים

**ג**עבענטשט זאָלסטו זיין צו מיר, מיין זון יוסף,
וואָס אין די נסיונות וואָס איך האָב דיך געפּרואווט,
ביזטו נאָך שטאַנדהאַפטיקער אַרויס פון אַברהמען מיין זיידן,
וואָס גאָט האָט צו דער עקידה זיין איינציקן זון אים געהייסן פירן!
און וויבאַלד פון ברייטקייט און פון שוואונג,
וועסטו קיינמאָל דיין האַרץ ניט אָפּקערן, —
זאָל ברייטקייט און שוואונג אין דיין ירושה
היינט און אויף תּמיד דיין חלק זיין!

{יעקב פאַרשווינדט. לעבן יוספן אַנטפּלעקט זיך פּלוצים אַ פייערדיקע באַשעפעניש, אין אויסזען ווי אַן אָקס, מיט מאַכטיקע פליגלען, מיט ברענענדיקע אויגן, מיט מוראדיקע הערנער. יוסף זעצט זיך אויף איר אַרויף און הויבט אָן פליען אין דער לופט. ער פליט אין קרייזן און זיגזאַגן, לאָזט זיך אַראָפּ און הויבט זיך אויף און באַלד דערנאָענט ער זיך צו יהודהן און שליידערט אים און די לבנה, אויף וואָס ער זיצט}

**יהודה**

/שרייט אין פּחד

**וויי!** וויי! קעגן דיר, ברודער, קאָן איך זיך מער ניט ווערן,
וואָרן וועז געשמידט בין איך צו קליינעם שטח,
זיצסטו אויף פליגלען פייערדיקע און שווינגסט איבערן פולן רוים.
לאָז, ברודער, מיך צו וואָס איז מיר באַשערט,
און אַליין פאַרכאַפּ די פולע ברייטקייט, וואָס,
איך זע, געוויס איז דיר געגעבן.

**יוסף**

/לאָזט אָפּ יהודהן. שטעלט זיך אויפן אָקס, ווי אויף אַ טריבונע און רעדט צו זיינע ברידער:

**ע**ס האָט פאַר זיך איינער אויסדערוויילט די בלייכקייט פון לבנה,
וואָס האָט אין זיך פון ליכטיקייט קיין אייגנס,
נייערט מיט וואָס זי ווערט פון דער זון באַגנאָדיקט,
קאָן זי עטוואָס שימערירנדיקס שענקען אויך צו אייך.

און מיט דעם דאָזיקן פאַלשן ליכט
האָט ער זיך צווישן מיר און אייך געשטעלט,
אַז ווילן זאָלט איר איינעם צווישן מיר און אים.
טאָ ווילט, ברידער!

ראובן

און ווער ביזטו, וואָס דו רופסט צו זיך?
וואָס קאָנסטו פאַרשפּרעכן אונדז
פאַרן געגעגענען וואָס מיר ווען צו דיר?

יוסף

ניט די פעטקייט פון דער ערד קאָן איך אייך פאַרשפּרעכן,
ניט דעם שלום פון דער וועלט און די אייביקייט פון רו,
אָבער וואָס פאַרשפּרעכן קאָן איך יאָ צו אייך,
איז די פרייהייט פון אייער גייסט
און דעם גליק פון ליבערשט אונטערגיין,
איידער אונטערטעניק ווען עס איז צו זיין.
איך גיב קיין ברכות ניט,
איך נעם קיין געשאָנקנס אָבער אויך ניט אָן;
איך חנפע קיינמאָל זיך ניט צו קיינעם,
אפילו ניט צו די הערשאַפטן פון דער ערד, —
וואָרן אין חניפה צו אים אפילו, און צו זיין גבורה,
איז דאָך תמיד מורא דאָ באַהאַלטן,
אַז טאָמער קומען די חניפות צו אים ניט אָן,
וועט ער צאָרן גיסן אויף דער ערד ...
אַנשטאָט אַ לעבן פול מיט פחד,
אַנשטאָט מורא פאַרן הונגער און פאַר קעלט,
אַנשטאָט צו קוקן אייביק דעם טויט אין די אויגן,
תמיד מורא האָבן פאַר זיין קומען
און אויסמיידן אים דאָך קיינמאָל ניט קאָנען, —
רוף איך אייך צוצושטיין צו מיר
און פרואוון לאָמיר זיך דערהויבן אין קאַמף
צו דער אייביקייט פון דער וועלט!
און אויב ניט דערהויבן וועלן מיר זיך קיינמאָל,
וועט אָבער קיינמאָל קיינער אויף אונדז ניט זאָגן,
אַז מיר האָבן זיך אַמאָל דערנידערט,
נייערט זאָגן וועט מען וועגן אונדז ביזן סוף פון דורות,
אַז אין פאַרשפּילטן קאַמף האָבן מיר זיך דערהויבן

ביזן סאַמע מקור פון וואָס עס שטאַמט אונדזער ווערן:
ביזן סאַמע מקור פון ניט־זיין.
איך גיב צו אייך די ברירה
צו דערווײַלן מיך און צו אָנטאָן זיך מיט פליגלען פון אַן אָדלער,
צו שוועבן אין דער לופט און צו באַנעמען ערד און הימל,
אָדער צו ווערן אונטערטעניק און אַזוי ווי ווערים
קריכן איבער ערד און בלויז קאָנען אַמאָל בליקן הימל
און קיינמאָל ניט דערגרייכן אים, —
הגם אויסרייסן פון אייער האַרץ די בענקשאַפט צו אים
וועט איר קיינמאָל דאָך ניט קאָנען.
ברידער, צווישן מיר און יהודהן ווילן זאָלט איר היינט!

{די ברידער הייבן זיך אָן שטאַרק באַוועגן, דרייען זיך אויף זייערע שטערן איבערן רוים און צום סוף רינגלען זיי אַרום יוספן. בלויז בנימין פאַרטשעפּעט זיך אין זיין באַוועגונג אָן דער לבנה און פאַלט צו צו יהודהן, וועלכער כאַפּט אים אויף, טוליעט אים צו זיך און פאַרהילט אים איינגאַנצן אין די פאַלדן פון זיין מאַנטל. לוי אויף זיין זון הויבט זיך אויף הויך איבער זיינע ברידער און באַגיסט זיי אַלעמען מיט אַ העלער זוניקער ליכט}

**לוי**

ס'איז געשען! —
ברידער האָבן זיך צעטיילט!
אָבער איך, וואָס האָב כהונה פאַר זיך דערווײַלט,
קאָן צו קיינעם ניט גענעענען,
נייערט בלייבן שטיין וועל איך פון אויבן
און גיסן פון מיין ליכט פון דערקאָנונג,
אויף אים, וואָס פון דערקאָנונג זוכן וועט אַ וועג.

{עס ווערט פלוצים פינצטער. עס באַווייזט זיך צוריק די נאַכט און די גרויע סצענע. נפתלי ליגט ווי פריער אויף זיין געלעגער און שלאָפט. דער הימל אין מזרח הייבט אָן ווערן פאַרטאָגיק רויט און מיט רויטקייט הייבן זיך אָן באַגיסן אויך די שפּיצן בערג. עס צעזינגען זיך פייגעלעך; ערגעץ צעקרייעט זיך אַ האָן; פון דער וויט הייבן זיך אָן דערטראָגן געשרייען פון לעמעלעך.

נפתלי שלאָפט. ער אָטעמט שווער. ער כאַפּט זיך באַלד אויף און שטעלט זיך האַסטיק אויף. ער קוקט זיך פאַרוואונדערט אַרום און אויף זיין געזיכט גיסט זיך אויס די דערקאָנונג, אַז ער האָט אַ וואונדערלעכן

חלום געזען. ער קוקט זיך אַרום אין אַלע זייטן און זיין בליק פאַלט אויפן אַריינגאַנג צו דער הייל, וואו דער נזיר געפינט זיך. ער לאָזט זיך איילים לויפן אַהין און ער שרייט אויס:}

**נפתלי**

**[זיר! . . . נזיר! . . . וואונדערלעך אַנטפּלעקט צו מיר האָט זיך עפּעס דורך דעם חלום פון דער נאַכט! . . .**

# בילד דריי

{די זעלביקע סצענע. נאָכמיטאָג פון דעם זעלביקן טאָג. **ראובן, נפתלי** און **כפתור**, ראובנס קנעכט, סודען זיך}

**כפתור**

. . . און ער האָט צו מיר אַזוי געזאָגט:
— גיי און זאָג צו דיין האַר, צו ראובנען,
אַז ווען אויף צוריקטריט וואָלט דער וועג פון יוספן געפירט,
און ווען מיט פחד וואָלט ער אַמאָל זיין זעל געפילט,
און ווען אומגלויבן צו מענטשן און צו ברידער
וואָלט אַמאָל זיך אַריינגעטאָן אין דער טיפקייט פון זיין האַרץ, —
וואָלט ער קיין נייע וועגן קיינמאָל ניט געזוכט,
נייערט ער וואָלט, אַזוי ווי אַלע, איבער וועגן אויסגעטראָטענע געשטיגן,
נאָכגעפאָלגט, ווי דער פיטערער, זיינע שאָף און רינדער,
נאָכגעפאָלגט, ווי באַארבעטער פון ערד,
די אָקסן און נאָך זיי די סאָכע און בראָנע,
וואָלט מיט זון־פאַרגאַנג געקראָכן פון ווייבער צום געלעגער,
און געפעדערט זיך באַגינען צו זיין פעלד פון ווייץ און קאָרן,
אָדער צו זיין טשערעדע פון שאָף און רינדער.
אָנגעפילט מיט גלויבן איז אָבער דאָס האַרץ פון יוסף,
מיט גלויבן אין דער גערעכטיקייט פון זיינע טענות,
מיט גלויבן אין דער גערעכטיקייט פון מענטשנס גייסטער,
און — אָנשטאָט פון ברידער צו אַנטלויפן,
צו אַנטלויפן פון זייער האַס און שנאה,
צו אַנטלויפן פון זייער געפיל פון נקמה, —
וועל איך ווי אַ ברודער צו די ברידער קומען,
אויסשפּרייטן פאַר זיי מיינע אָרעמס,
ברידערלעך אויסגיסן פאַר זיי מיין האַרץ
און צו זיי אַנטפּלעקן די גערעכטיקייט פון מיינע רייד . . .
אוי, ניט אַנטלויפן וועט פון ברידער יוסף,
נייערט צו ברידער וועט ער אַנטקעגן קומען . . . —

אַזוי האָט יוסף צו מיר גערעדט און אויסגעדרייט זיך,
און מיינע ווייטערדיקע רייד מער הערן ניט געוואָלט
און איז זיך אַוועק מיטן וועג, וואָס ר'איז געגאַנגען.

{ראובן בלייבט שטיין פאַרטראַכט אָבער רואיק. ער מאַכט אַ צייכן צו כפּתּוֹרן און יענער גייט אַוועק מיטן שטעג באַרג אַרויף. נפתלי איז פאַרצווייפלט}

**נפתלי**

עס זאָגט מיר שלעכטס מיין האַרץ
און ביטערקייט זאָגט מיר אָן מיין געמיט. —
געשען וועט באַלד אַ זעונג צום שטוינען
אפילו פאַר באַרג און טאָל,
און איך וועל עס צוקוקן
און קורץ וועט זיין מיין האַנט צו העלפן.

{מיטן שטעגל, באַרג אַראָפּ, הייבן אָן אַראָפּקומען יעקבס זין. **דן** איז צווישן זיי. ראובן מאַכט אַ צייכן צו נפתלין, אַז ער זאָל שווייגן}

**שמעון**

/צו יהודהן

די שאָטנס פון די בערג קערן זיך שוין צום מערב זייט
און די טריט פון יוספן זאָמען זיך נאָך אַלץ צו קומען.
קאָנסטו אַשדודן געטרויען? וועט ער דיין עצה פאָלגן?
וועט ער ריכטיק יוספן אָנצייגן דעם וועג?

**יהודה**

געטריי איז מיר מיין קנעכט און פון מיינע באַפעלן
ניט אָפּקערן וועט ער זיך סיי רעכטס און סיי לינקס.

{די ברידער, ווער פון זיי עס זעצט זיך און ווער עס בלייבט שטיין. נפתלי קומט צו צו דנען און סודעט זיך מיט אים}

**נפתלי**

דן ביזט געווען אין זייער עצה —
זאָג וואָס עס ווערט פאַרטראַכט אַצינד פון זיי.

**דן**

זייער עצה איז די זעלבע
און די וועגן זיינען ניט געענדערט:
איינס האָבן זיי פאַרטראַכט

און דאָס דורכפירן ווילן זיי איצט,
אַז נאָך איידער עס וועט פאַרגיין די זון
זאָל פון יוספן די געדעכעניש
אויף דער ערד שוין מער ניט זיין . . .

**נפתלי**

און דו, דן? . . . וועסט צוקוקן און שווייגן? . . .

**דן**

דערויף פאַרשניטן נעכטן האָב איך אַ בונד . . .

**נפתלי**

און דער בונד פון אונדזערע מאַמעס? . . .
און דער בונד, כאָטש קיינמאָל ניט פאַרשניטן,
אָבער דאָך, וואָס געווען איז ער תּמיד הייליק,
צווישן אונדז און יוספן פון זיין געבוירן־טאָג אָן? . . .

**דן**

/פאַרצווייפלט

שווייג! . . . אָדער מיינסטו, אַז מיין געמיט
ווייסט אַליין ניט פון קיין פלאָגעניש,
וואָס נאָך דו, מיט דיינע רייד,
קומסט זיין פּלאָגעניש נאָך מערן? . . .
אָדער ווילסטו, אַז די שאַנד פון קנעכטשאַפט,
וואָס ד׳האָט זיך ערשט נעכטן אָפּגעטאָן פון אונדז,
זאָלן מיר איצט אָנטאָן אויפדאָסניי? . . .
און איז דאָס נאָך ווייניק — ווילסטו,
אַז די שאַנד פון אונדזער מוטער,
וואָס פאַרדעקט האָט זי אונדזער בונד מיט ברידער,
זאָל אָפּגעדעקט ווערן אונטערן זון פון טאָג? . . .

{נפתלי וויל עפּעס ענטפערן, שטעלט אים דן אָפּ:

שווייג! אָן הויבט זיך ראובן פון זיין אָרט —
לאָמיר הערן וואָס ער וועט זאָגן.

**ראובן**

/וועלכער איז ביז איצט געשטאַנען ווי פאַרגליווערט אין איין פּאָזע און נאָכגעפאָרשט די באַוועגונגען פון זיינע ברידער, האָט געמאַכט אַ צייכן, אַז ער וויל רעדן און אַז די ברידער זאָלן אים הערן:

ברידער מיינע!
איר אַלע פון דעם שטאַם פון איין פאָטער
און אויך איר, ברידער,

וואָס מיט מיר צוזאַמען זיינט איר
פון דעם טראַכט פון איין מוטער, —
פאַרנעמט איר אַלע איצטער מיינע רייד,
וואָס איך, דער עלטערער פון אייך אין יאָרן,
וועל רעדן אַצינד צו אייך!
און זאָלן מיינע רייד צו אייך,
וואָס שטאַמען פון דער טיפעניש פון האַרצן,
וואָס פילט, וואָס געשען וועט ביז די שפּעטסטע צייטן, —
דורכדרינגען דעם געמיט פון אייך!
ברידער! זאָלן אונדזערע הענט ניט פאַרגיסן
פון אונדזער פאָטערס זון דאָס דאָזיקע בלוט!
ברידער! זיבן מאָל איז געשטראָפט געוואָרן קין
פאַר פאַרגיסן הבלס בלוט;
זיבן און זיבעציק מאָל איז געשטראָפט געוואָרן למך
פאַר פאַרגיסן קינס בלוט,
און מיט אַזויפיל מאָל מער וועט זיין די שטראָף פון אונדז,
אויב פאַרגיסן וועלן מיר אונדזער ברודערס בלוט! . . .
וואָרן מיטן טויט פון אונדזער ברודער
דערנענטערן וועלן מיר אויך דעם טויט פון אונדזער פאָטער,
וואָס געבונדן איז זיין זעל צו דער זעל פון יוסף,
וואָס קיינשום טרייסט וועט אים ניט גרייכן
צו פאַרלינדערן פון זיין האַרץ דעם טרויער,
וואָס ער וועט טרויערן נאָך זיין זון
און פריצייטיק פירן אים אין קבר . . .
ברידער! איך רוף צו אייך!
און זאָל מיין רוף ניט זיין ווי דער רוף אין מדבר,
און זאָל פאַרנומען ווערן מיין קול פון אייך!
ברידער! זאָלן אונדזערע הענט ניט פאַרגיסן
דאָס דאָזיקע בלוט!

## יהודה

אַן עלטערער פון אונדז ביזטו טאַקע, ברודער,
אָבער עס רעדט ניט פון דיין קול די עלטערקייט פון חכמה,
און אויך רעדט ניט פון דיר דער קול פון געוויסן,
נייערט עס רעדט פון דיר די ווייכקייט פון אַ האַרץ,
מיט וועלכער געשעמט עס האָבן זיך פון תמיד
אַלע מענער פון אונדזער שטאַם.

**ראובן**

/מיט וויטיק

ברודער! ניט דער קול פון ווייכקייט רעדט אַצינד פון מיר,
נייערט דער קול פון בלוט־פאַרוואַנדשאַפט,
וואָס ניט נאָר איז יוסף דער זון פון אונדזער פאָטער,
נייערט דער טראַכט, וואָס האָט אויסגעטראָגן אונדזער מוטער, לאה־ן,
איז דאָך דער זעלבער טראַכט, וואָס האָט יוספס מוטער אויך געטראָגן.

**יהודה**

אומזיסט באַטסטו ברודערשאַפט צו יוספן,
וואָרן זיין ברודערשאַפט פון אונדז
האָט יוסף אויסגעשלאָסן שוין פון לאַנג.
אויב ברודער איז דיר יוסף,
ביזטו, ראובן, דאָך דער ערשטלינג,
טאָ פאַרוואָס טראָגט ער מיט חלומות
פון הערשאַפט זיך אַרום? . . .
און אויב פון אונדזער שטאַם איז יוסף,
האָט ער אים שוין לאַנג פאַרראַטן,
פאַרלעצנדיק זיינע געזעצן און אויך די מנהגים זיינע.
אונדזערע מאַמעס שטאַמען פון איין טראַכט? —
טראַכט אויך אַזוי דער דאַזיקער
וועמען דו רופסט ברודער אָן? . . .
גליקלעך זיינען מיר, וואָס אונדזער זיידע, יצחק,
האָט, אַנשטאָט צו עשון, צו אונדזער פאָטער
געגעבן פון זיין ירושה די גרויסע ברכה.
אָבער וואָס וועט פון דער ברכה ווערן,
ווען יוסף זאָל עלצטער זיין איבער אונדז? . . .
ברענגען וועלן מיר אויף זיך דעם צאָרן
פון דעם גאָט פון אונדזערע אָבות,
אויסגעטריקנט וועלן פעלדער ווערן,
אויסגעגליכן מיט די פלאַכקייטן פון מדבר,
אומגעקומען אונדזערע שאָף און רינדער
און צו קנעכטשאַפט וועלן מיר אַליין
מוזן זיך פאַרקויפן.
ברודער, רופסטו אים? —
און צו אים אַליין איז יעדער קנעכט
און פון דער נידעריקסטקייט פון שטאַם

אַסך העכער פון די ברידער פון זיין שטאַם.
און ווען קומען וועלן צו דיר אַמאָל דיינע קינדער, ראובן,
און צו פרעגן וועלן זיי ביי דיר פרעגן:
„פאָטער! און וואו איז אונדזער חלק פון שאָף און רינדער,
און פון גערטנער און פעלדער, וואו איז אונדזער חלק אויף דער וועלט? —
ווערסטו דאַן זיי קאָנען ענטפערן, אַז פאַרלוירן האָסטו זייער חלק
דורך דער ווייכקייט פון דיין האַרץ? . . .
און ווען פון דיינע זין וועט איינער ליב האָבן אַ טאָכטער פון דעם לאַנד,
און מיט וואָס זי אויסלייזן וועט ער ניט האָבן,
און פאַר זיינע אויגן וועט די דערוויילטע פון זיין האַרץ
צו אַ פרעמדן געגעבן ווערן, —
וואָס פאַר אַן ענטפער ווערסטו דענסטמאָל געבן? . . .

ראובן

דיינע רייד, ברודער, זיינען צו מיר קלאָר,
געהערט האָב איך זיי שוין ניט איינמאָל,
אָבער ווייסן ווייס איך,
אַז אַלע דיינע זאָרגעניש פון שלעכטס
וועלן ערשט דאַן געשען,
ווען דאָס בייז, וואָס דו האָסט היינט פאַרטראַכט,
וועט צום שטאַנד פון דיין מחשבה קומען.
וואָרן איך ווייס נאָך ניט אויף זיכער אַז דורך יוספן
זאָל יעהאָוואַ ברעכן מיט אונדז זיין בונד,
אָבער דאָס ווייס איך דאָך אויף זיכער,
אַז פון פאַרגאָסן בלוט פון ברודער
ציטערט אויף די ערד
און פאַרמאַכן טוט זיך דאַן איר טראַכט.
און דאָס וואָס דו טוסט זען, יהודה,
וועט טאַקע צו אונדז געשען,
אָבער בלויז דאַן — ווען מקויים וועט דיין עצה ווערן . . .
ברידער! זאָל ניט צוקומען נאָך אַ זינד
צו די זינד, וואָס מיר האָבן שוין באַגאַנגען!

לוי

/שפּאָטיש
צי ווילסטו ניט ברענגען אונדז צום חשבון
די זינד פון אַ געלעגער פון אַ פאָטער,
וואָס פאַרשוועכט איז נעכטן פון דיר געוואָרן? . . .

**ראובן**

מיינע זינד פון נעכטן אָוונט
הענגען טאַקע שווער אויף מיין געמיט
און די שטראָף פאַר זיי
האָב איך וויליק אויף זיך גענומען
דורך אָפּגעבן מיין בכורה אפילו צו דעם יינגסטן
פון מיין פאָטערס זין.
אָבער סע שרייט ניט אַזוי צום הימל די זינד פון מיר,
ווי עס שרייט צום הימל די אומגערעכטיקייט פון אייך,
וואָס אַ גאַנצע שטאָט איז געוואָרן פון אייך פאַרדאָרבן . . .
אַ גאַנצע שטאָט פאַרדאָרבן! . . .
מיט די שולדיקע — די אומשולדיקע אינאיינעם! . . .
ווען גאָט האָט איבער סדום געבראַכט זיין משפט,
האָט דאָך אַברהם, אונדזער עלטער־פאָטער,
די אומשולדיקע פון אים אָפּגעבעטן,
און ווען אפילו בלויז צען אומשולדיקע וואָלטן זיך דאָרט געפונען,
וואָלט דאָך גאָט פאַרגעבן צו דעם גאַנצן שטאָט. —
און דאָ זיינט איר געקומען, און אפילו אָן אַ משפט,
און די איינוואוינער פון אַ גרויסער שטאָט פאַרדאָרבן.
פון וואַנען האָט זיך דאָס גענומען אַזויפיל אַכזריות
צו די ברידער פון מיין פאָטער, ווען אונדזער זיידע, יצחק,
האָט אין זיין ברכה געגעבן אַ ירושה פון בלויז אַ שטימע,
און זיי האָבן גאָר איבערגענומען די הענט פון מאָרד,
וואָס איז גאָר באַשערט צו אונדזער פעטער עשו! . . .

**יהודה**

ניט מיר, נייערט דער בעדואין אליפז
האָט די זינד באַגאַנגען.

**ראובן**

ניט מיר, זאָגסטו, נייערט אליפז . . .
איז שולדיק אַזוי דער שווערד,
ווי די האַנט, וואָס טוט אים באַוועגן? . . .

**לוי**

פאַרפירט האָט אונדזער שוועסטער שכם . . .

**ראובן**

און מיט אונדזערע אייגענע הענט

האָבן מיר דען ניט גענומען
דעם אויסלייז פון קעמלען און פון אייזלען,
וואָס שכם האָט צו אונדז געשיקט? . . .

**לוי**

ווידערשפעניקט האָט אין זיין ליבע שכם,
און אונדזער שוועסטער אויף אַן אַנדערע
האָט ער פאַרביטן . . .

**ראובן**

זעט ווי עס פעלט משפט צו אייער טאַט,
וויבאַלד איר זוכט באַרעכטיקונג אין פאַלשע רייד . . .
און — פון מיר און פון אייער אייגן האַרץ
קאָנט איר דאָך דעם אמת ניט פאַרבאָרגן,
אַז — זינד שלעפּט זינד נאָך זיך —
אַז ניט פאַר יוספס ווידערשפעניקונג אין אונדזערע מנהגים
ברענגט איר אים צום משפט היינט און צו זיין פאַרטיליקונג,
נייערט איר טוט עס —
פאַר אייער מורא פאַר זיין צאָרן
פאַר דער פאַרטיליקונג פון שכם . . .

**שמעון**

/רייסט אים איבער

יוסף קומט! . . .

{צווישן די ברידער ווערט אַן אויפרודערונג. דן טרעט אָפּ אין הינ־טערגרונט. נפתלי זעצט זיך שווער אַנידער אויף דער ערד און פאַר־שטעלט זיך דאָס פּנים מיט די הענט. שמעון און לוי שטעלן זיך ביי ביידע זייטן פון וועג, כדי, ווי נאָר יוסף וועט אָראָפּקומען פון באַרג, זאָלן זיי אָפּשניידן זיין צוריקטריט. יהודה בלייבט שטיין גרייט צו באַגעגענען יוספן. ראובן קוקט מיט שרעק און מיט דערוואַרטונג צו זען, וואָס דאָ וועט געשען.}

**ראובן**

/שטיל און מיט תחנונים

ברידער, געדענקט! זאָלן אייערע הענט פאַרבלייבן ריין
פון פאַרגיסונג פון ברודערס בלוט! . . .

**יוסף**

/אַראָפּקומענדיק פון באַרג

פרידן צו אײַך, ברידער!

{די ברידער ענטפערן ניט. יוסף קוקט זיך אום און מערקט די דראָענ־
דיקע בליקן, וואָס זיינען צו אים געווענדט. ער פאַרבלייבט אָבער
רואיק און אומדערשראָקן. ער זעצט זיך אַוועק.}

**יוסף**

ברידער! איך האָב אײַער רוף געהערט,
בין איך צו אײַך געקומען.
מיין קומען האָט איך געבענטשט מיט פרידן,
אָבער ניט געהערט האָב איך קיין ענטפער אויף מיין ברכה . . .
ס'רעדט פאַר זיך דאָס אויסזען פון אײַער פּנים,
אַז פיל שׂנאה טוט פאַרבאָרגן אײַער האַרץ . . .
רעדט, ברידער, און אײַערע רייד בין איך גרייט צו הערן.

**יהודה**

צו וואָס דאָס רעדן? . . .
גערעדט צו דיר האָב איך נאָך נעכטן
און געדולדיק אויסגעהערט האָב איך אויך די רייד,
וואָס דו האָסט געהאַט צו מיר צו זאָגן . . .
סיידן דו האָסט צו דערציילן איצט פון דיין חרטה
און פון תשובה, וואָס דו האָסט פון דענסטמאָל אָן פאַרטראַכט.

**יוסף**

/רואיק

קאָנסט תשובה און חרטה הערן פון מיין מויל,
ווי דו קאָנסט די וואַסערן פון ירדן
זען זיך קערנדיק צוריק,
אָדער ווי דו וואָלסט דעם וועג פון דער זון אין הימל
צום מזרח פאַרקערט פון איר גאַנג צום מערב . . .

**יהודה**

/אויפגעבראַכט

עס שטייען פאַר דיר אַצינד צוויי וועגן:
דער וועג פון טויט און דער וועג פון חרטה —
וואָס דערוויילסטו? . . .

**יוסף**

{שטעלט זיך אויף און וואַרפט פון זיך אַראָפּ דעם אָנשטעל פון רואיקייט. מיט אַן אויפּפּאָדערנדיקן און שטאַרקן קול:}

אַן מורא און אָן פּחד בין איך אַהער געקומען,
וואָרן געטראָגן האָב איך אַ זיכערקייט אין מיין האַרצן,
אַז ניט אייביק טויב קאָנען אייערע אויערן פאַרבלייבן
צו דעם קול פון גערעכטיקייט, וואָס עס רופט פון מיר.
אויך דערפאַר בין איך צו אייך געקומען אָן פּחד,
וואָרן ווען באַהערשט וואָלט איך פון פּחד געוואָרן,
וואָלט איך מיין ערשטן צוריקטריט דאָן געזען . . .
איך טרעט אָבער ניט צוריק! . . . און איצט —
ווען ווענס האָנט וועט זיך אויף זיין ברודער הייבן? . . .

{ער שטעלט זיך אַזוי אַוועק, אַז ער שטייט פּנים ל־פּנים צו אַלע זיינע ברידער.}

איך רוף צו אייך: וועמענס האָנט? . . .

**שמעון**

/אָנציענדיק זיין בויגן
אויב קיינעמס אַנדערש האָנט,
זאָל עס מיינע זיין!
און אויב דאָס קאָן די האָנט ניט טאָן,
האָב איך פיילן פאַר מיין בויגן . . .

**יוסף**

/אויסשטעלנדיק זיין ברוסט, אין אַ מוראדיקן עקסטאַז:
ניט בויערן קאָן אַ פייל
די גערעכטיקייט, וואָס אין מיין ברוסט!

**יהודה**

/צו שמעונען:
ציִ דיין בויגן! . . .

**ראובן**

/וואַרפט זיך צווישן יוספן און שמעונען
ברודער! . . . ניין! . . .

{ראובן איז אָבער געווען צו שפּעט. שמעון האָט שוין אָפּגעצויגן דעם בויגן. אָבער זיין האָנט ציטערט. די פייל ציט אַ־ן אַ זייט.}

**שמעון**

**עס נעמט מיר אָפּ מיין האַנט . . .**
**אַ כּישוף איז אין אים אַריינגעטאָן . . .**
{ער וואַרפט אַוועק זיין בויגן און שלעפּט אַרויס אַ מעסער פון אונטער זיין גאַרטל}
**איך קען ניט ציען קיין בויגן**
**קעגן איינעם וואָס, אומבאַשיצט,**
**עגבערט ער מיין בליק.**
{וואַרפט זיך מיט זיין מעסער אויף יוספן}
**שיץ זיך! אין גערעכטן קאַמף,**
**איינער אַנטקעגן איינעם,**
**זאָל גאָט צווישן אונדז גערעכטיקייט באַשליסן! . . .**

{ראובן פאַרלויפט שמעונען דעם וועג און כאַפּט אים ביי דער האַנט. זיי ראַנגלען זיך. לוי און יהודה וואַרפן זיך דערווייל אויף יוספן און ווילן אים אומוואַרפן. יוסף שליידערט זיי צוריק. זיי באַפאַלן אים ווידער און ער שליידערט זיי ווידער צוריק.}

**יהודה**

**אַ געהיימער כּוח איז אין אים פאַרבאָרגן,**
**וואָס לאָזט ניט גענעענען צו אים.**

**לוי**

**זאָל פאַרשאָלטן דיין כּוח ווערן! . . .**
{ער וואַרפט זיך ווידער אויף אים און, דאָס מאָל, מיט מער דערפאָלג. זיי ראַנגלען זיך. יוסף האָט ווידער די אויבערהאַנט. שמעון קריגט דערווייל די אויבערהאַנט איבער ראובנען.}

**שמעון**

/צו דנען:
**האַלט צו, דן, דאָ ראובנען,**
**וועל איך צו יוספן גענעענען.**
{דן וואַרפט זיך מיט הילף צו שמעונען. יוסף, ווען ער דערזעט עס, ווערט ער אָפּהענטיק און ווי זיין גאַנצער כּוח וואָלט זיך פּלוצים אָפּגעטאָן פון אים.}

**יוסף**

**דן! . . . דו! . . . מיט זיי! . . .**
**דו אין פאַרשווערונג קעגן מיר! . . .**

{ער ל־אָזט פלוצים אָפּ זיינע הענט פון לוין און יהודהן. זיי נוצן אויס די גרעגעלעגנהייט, וואַרפן אים אוס און בינדן אים. יוסף ווערט זיך ניט מער. מיט אויסגעשטאַרעטע אויגן קוקט ער בלויז אויף דנען, וועלכער ראַנגלט זיך מיט ראובנען.}

יוסף

דן . . . ער . . . קעגן מיר . . .

{שמעון וואַרפט זיך אויף יוספן. אָבער ראובן באַפרייט זיך פון דנען און מיט אַ מעסער אין דער האַנט שטעלט ער זיך איבער דעם געבונדע־נעם יוספן, גרייט מיט געוואַר צו שלאָגן זיך פאַר אים. שמעון, לוי און יהודה הייבן אָן דערנעענטערן זיך צו ראובנען. זייערע פנימער זען אויס ווילד און אין זייערע באַוועגונגען איז דאָ די אַנטשלאָסנקייט בייצוקומען ראובנס ווידערשטאַנד.}

ראובן

שטייט אויף אייערע ערטער! . . .

ווי צו יענעם, וואָס וועט צו מיר גענעענען! . . .

{די ברידער שטעלן זיך אָפּ און קוקן אויף ראובנען מיט אַ ווילדער רציחה.}

ראובן

ברידער! . . . האָט חרטה אויף אייערע ווילדע מעשים! . . .

זאָלן אייערע הענט ניט פאַרגיסן דאָס דאָזיקע בלוט! . . .

שמעון

לאָז אָפּ דאָס מעסער! . . .

ראובן

דאָס בלוט פון יוספן

וועט שרייען צו אייך פון דער ערד! . . .

שמעון

לאָז אָפּ דאָס מעסער! . . .

ראובן

ברידער! איך זע, אַז שטאַרק איז אייער ווילן

און ניט אָפּקערן וועט איר זיך שוין פון אים . . .

איך גיב זיך אונטער . . . זאָל שטאַרבן יוסף . . .

ניט זיין לעבן איז מיר טייער

און ניט פאַרטיידיקונג צו אים וויל איך ברענגען, —

איך וויל בלויז פון בלוט־פאַרגיסונג אייך פאַרהיטן . . .

ברידער! הינטערן באַרג, אַטאָדאָרט, איז דאָ אַ גרוב, —
דאָס גרוב איז זייער טיף און גלאַט זיינען זיינע ווענט, —
ניטאָ דער מענטש, וואָס זאָל אַהין אַריינפאַלן
און פון דאָרט בשלום קאָנען אַרויס...
וואַרפט יוספן אין יענעם גרוב אַריין:
צווישן לעבעדיקע וועט יוסף שוין מער ניט זיין
און די פלעקן פון בלוט וועלן אויף אייערע הענט ניט זיין...

**שמעון**

/פאַרעקשנט/
לאָז אָפּ דאָס מעסער!...

**ראובן**

שמעון! ווי פייער ברענט אין דיר דיין צאָרן,
אָבער שטאַרקער פון פלאַם־פייער וועט ברענען דיין חרטה שפעטער,
ווען דורך דיינע הענט וועט דיין ברודער פאַלן...
און ווען דו וועסט צו אונדזער פאָטער קומען
און ער וועט פון דיר אַ שבועה פרעגן, —
וועסטו קאָנען שווערן, אַז ניט דו האָסט דאָס בלוט פאַרגאָסן?...

**לוי**

וואָס וועט טאַקע אַרויסקומען,
אַז מיר וועלן זיין בלוט פאַרגיסן? —
ראובנס עצה איז אַ גערעכטע.

**שמעון**

/פאַרעקשנט/
לאָז אָפּ דאָס מעסער, ראובן!...
דאָס מעסער וועסטו ניט האַלטן
און זיך דערנאָך באַרימען,
אַז דו האָסט פון שמעונען געקאָנט נעמען
וואָס ער האָט וויליק ניט געגעבן...

**ראובן**

/דערלאַנגט שמעונען דאָס מעסער/
נעם דאָס מעסער, ברודער!

**שמעון**

/נעמט צו דאָס מעסער און פאַרשטעקט אים צו זיך הינטערן גאַרטל. ווענדט זיך צו לוין און צו יהודהן:
לאָמיר אים אַוועקטראָגן צום גרוב!

{זיי טראָגן יוספן אַוועק. אויפן פּלאַץ בלייבן איבער בלויז ראובן און נפתּלי. נפתּלי לויפט צו צו ראובנען, פאַלט לעבן אים אויף דער ערד און איז פאַרצווייפלט.}

**ראובן**

/ווי אין אַ תּפילה:

**גאָט פון מיינע אָבות! גאָט פון הערשאַפטן!**
**מיט דיין נאָמען שווער איך, אַז ניט שטאַרבן וועט יוסף,**
**און נאָך היינט בייַנאַכט,**
**און ווען שלאָף וועט צומאַכן די אויגן פון מיינע ברידער,**
**וועל איך יוספן פון גרוב אַרויסציען**
**און אים צו מיין פאָטער ברענגען!**

**נפתּלי**

/שפּרינגט אויף און איז אין עקסטאַז:

**ברודער! דו האָסט געשוואוירן! . . .**

**ראובן**

/ניט אַראָפּלאָזנדיק די הענט

**און צו דיר, מיין גאָט, טו איך רופן איצט,**
**אַז ווי געשיקט האָסטו מיך צו יוספן מיט הילף,**
**שיקן זאָלסטו דיין מלאך צו מיר מיט שוץ,**
**ווען ברענגען וועט אויף מיר דער ברידערס צאָרן!**

**נפתּלי**

/איבערגליקלעך

**צו דיר מיט הילף**
**וועל איך, נפתּלי, קומען,**
**אַדער נפתּלי זאָל מער**
**ניט זיין מיין נאָמען!**

{ראובן לייגט אַרויף זיינע הענט אויף נפתּלים אַקסלען און וויל אים עפּעס זאָגן, אָבער דערווייל קומט דראַסטיק צולויפן אָשר און נאָך איידער ער לאָזט זיך אַראָפּ פונעם באַרג שרייט ער אויס:}

**אָשר**

**ברידער! באַפאַלן האָבן בעדואינער אונדזער שאָף!**
**אונדזערע פאַסטעכער זיינען אין מלחמה מיט זיי פאַרנומען,**
**און פאַר הילף צו זיי בין איך צו אייך געקומען!**

**ראובן**

/אין איבערגלויבערישער שרעק:

בעדואינער? . . . איז גרויס זייער צאָל? . . .

וועלן מיר ראַטעווען קאָנען? . . .

**אָשר**

זייער צאָל איז גרויס! איילט זיך!

וואו זיינען אַלע ברידער?

**ראובן**

דער צאָרן פון גאָט

פאַרמיידט ניט צו קומען . . .

**אָשר**

וואו זיינען די ברידער?

**ראובן**

/ציי גט אָן אין דער ריכטונג, וואוהין זיי זיינען אַוועק

זיי זיינען דאָרט.

{אָשר פאַרשווינדט אין יענער ריכטונג. ראובן בלייבט שטיין ווי פאַר־
גליווערט און חזרט ווידער איבער די זעלביקע ווערטער:}

דער צאָרן פון גאָט

פאַרמיידט ניט צו קומען . . .

**שמעון**

/קומט צולויפן

ראובן! נפתלי! שנעל!

לאָמיר גיין און ראַטעווען!

**ראובן**

ווי קאָן מען ראַטעווען

ווען גאָט וויל שטראָפן . . .

**שמעון**

ניט איצט איז די צייט פאַר טענות, —

לאָמיר גיין שנעל און ראַטעווען!

**ראובן**

ראַטעווען? . . . און ווער וועט בלייבן דאָ,

אונדזערע שאָף צו היטן?

**שמעון**

זאָל יהודה בלייבן דאָ.

לאָמיר לויפן, ברידער, שנעל!

ראובן

דער צאָרן פון גאָט
פאַרמיידט ניט צו קומען . . .

שמעון

/שלעפט ראובנען נאָך זיך

ניט דאַן איז די צייט פאַר טענות,
ווען מע דאַרף זיך פאַר כּלי־זיין נעמען . . .

{זיי גייען אַוועק. יהודה בלייבט אַליין. ער שפּאַנט אומרואיק אום איבער דער בינע און דערנאָך גייט ער אַרויף אויפן שפּיץ באַרג און קוקט אין מרחק אַריין.

{פון אַראָפּ די בערג לויפט האַסטיק אַרונטער **פּוטיפר** און נאָך אים זיין קנעכט, **טוטאַפּטאָ**. פּוטיפר, אַ מיטל־יאָריקער מאַן, אַ שווערער, אַ מאַסיווער, אָטעמט שווער — קאַנטיק זייער פאַרמאַטערט פון שווערן לויפן. ער קוקט זיך מיט פחד און חשד אַרום אין אַלע ריכטונגען. דערזעענדיק אַז ער איז פון אַלע זייטן פאַרשטעלט פון בערג און ניט מערקנדיק יהודהן, מיינט ער, אַז ער איז דאָ אַליין. ער זעצט זיך שווער אַראָפּ אויף אַ שטיין.}

פּוטיפר

מער קען איך ניט . . . לויפן! . . . אוף . . . פאַרמאַטערט!
אַזש אין זייט האָט מיר אָנגעהייבן שטעכן . . . אוף! . . .

{צום קנעכט:

וואַסער!

{טרינקט

גיי ריכט זיך — אין מיטן דרינען — עמלקים!
דאָס העסלעכע לאַנד פון רויבער . . . כּנען! . . .
מ'איז דאָ קיינמאָל מיט האָב און גוטס און מיט לייב און לעבן ניט זיכער;
אַ לאַנד, וואו רויבער און גנבים זיינען אַלע תּושבים,
אַ לאַנד, וואו אומבאַשטראָפט זיינען פון תּמיד בעדואינער
און וואו, ווי שאַקאַלן, לעבט אויף פאַרצוקונג
סיי פאַסטעך און סיי פּויער . . .

טוטאַפּטאָ

/טרייסט אים

דאָ איז קיינעם ניטאָ. און פון אַרום די בערג
פאַרשטעלן אונדז פון אויגן פרעמדע.
אָן פחד און אָן מורא קאָנסטו רוען דאָ, מיין האַר.

**פּוטיפר**

וועל איך טאַקע רוען דאָ און וואַרטן אויף דיין קומען.
און דו דערוויילּ קלעטער אויפן שפּיץ פון באַרג
און קוק אַרויס צי אונדזערע קעמלען וועסטו זען.
און ווען דו וועסט זיי דערזען, גיב זיי אונדזער צייכן
און ברענג צופירן זיי אַהער.

{טוטאַפּטאָ קלעטערט אַרויף אויפן באַרג.

{יהודה, ווען ער דערהערט די שטימעס ווי זייריידן, באַהאַלט ער זיך הינטער אַ שטיין און באַטראַכט זיי ווער זיי זיינען. ער דערקאָנט, אַז זיי זיינען ניט קיין בעדואינער, נייערט מצרים, סוחרים, קריכט ער אַרויס פון זיין באַהעלטעניש און קומט אַראָפּ פון באַרג. פּוטיפר, זיצנדיק צו אים מיט דער פּלייצע, מערקט אים ניט.}

**יהודה**

מיט פרידן זיי געבענטשט, מיין האַר!

{פּוטיפר שפּרינגט אָפּ אין שרעק. יהודה באַרואיקט אים:}

פרידן! פרידן! שרעק זיך ניט, מיין האַר —
איך וועל דיר קיין בייז ניט טאָן.

**פּוטיפר**

ווער ביזטו?

**יהודה**

מיין נאָמען איז יהודה, דער זון פון יעקב,
אַ פּאַסטעך אין דעם לאַנד פון כּנען.
און ווער ביזטו, מיין האַר?

**פּוטיפר**

/קוקט נאָך אַלץ אויף יהודהן מיט חשד

איך בין פּוטיפר, פון דעם לאַנד מצרים,
אַ קנעכט צו פּרעהן, דעם קעניג פון מצרים.

{מיט יעדן טריט, וואָס יהודה טוט פאָרויס, טרעט פּוטיפר אַ טראָט צוריק און ער כאַפּט זיך מיט דער האַנט פאַרן בוזעם, וואו זיין געלט איז באַהאַלטן.}

**יהודה**

דו טרעטסט אָפּ פון מיר
און שרעק און חשד דריקט אויס דיין פּנים.
פרידן! איך וועל דיר קיין בייז ניט טאָן!
די זין פון דעם הויזגעזינד פון יעקב

טוען קיינמאָל ניט קיין שלעכטס צו אורחים,
וואָס קומען אין דעם גבול פון זייער לאַנד
און אין דעם שאָטן פון זייער באַלקן.

**פּוטיפר**

איך שרעק זיך,
וואָרן אָנגעזעטיקט האָט שרעק מיך היינט.
שרעק, וואָס אַזעלכס איז נאָך ניט געהערט געוואָרן
אין מיין לאַנד, אין מצרים און אונטער דער ממשלה
פון פרעה און זיינע הייליקע חרטומים.

**יהודה**

אָ, דערציילט מיר פון דיין שרעק, פּוטיפר!

**פּוטיפר**

דערציילן וועל איך דיר גערן:
איך פאָר איבערן לאַנד און זיץ זיך אויפן קעמל
און מיינע אויגן זיינען צום דרום געווענדט,
צום לאַנד מצרים, וואוהין איך קער זיך איצט צוריק.
און רייטנדיק אַזוי, און די היץ פון טאָג איז גרויס,
און מיין קעמל איז זאַט און אָנגעטרונקען, און ער לויפט געשווינד
און וויגט מיך אין זיין לויפן און פאַרוויגט מיך אין מיין שלאָף,
און איך בין איינגעשלאָפן. און אין מיין שלאָף
האָב איך דעם קאַראַוואַן פאַרלוירן.
צי האָט אַריבערגעיאָגט אים מיין קעמל,
צי האָט ער פאַרקערט זיך אויף אַ זייטיקן וועג —
ווייס איך ניט, וואָרן געשלאָפן בין איך.
און פלוצים — און איך האָב דערהערט געשרייען ווילדע
און דעם קול פון כלי־זיין, ווי עס קלאַפּט זיך,
און פון פערד דאָס הירזשען און פון שאָף דאָס שרייען,
און איך האָב זיך אויפגעכאַפּט און דערזען:
איך בין אין דער מיט פון אַ מחנה עמלקים
און מיט די פאַסטעכער פון לאַנד פירן זיי מלחמה.
און אַרומגערינגלט פון די עמלקים זיינען שוין אַלע הערטן,
און עס ליגן פאַסטעכער און קנעכט פאַרוואונדעט און געבונדן,
און בלויז ניין אין צאָל פון זיי זיינען נאָך געבליבן
און עס פירן מיט זיי די עמלקים אין פאַרביטערטקייט אַ קאַמף.
און איך הער פון די עמלקים דעם אויסגעשריי פון פחד:

„ווי! דאָס זיינען דאָך די זין פון דעם עבֿרי, ישׂראל,
„וואָס פאַרשפּרייט איז זיין מורא איבערן גאַנצן לאַנד! —
„גאַרטלט אָן זיך מיט כּותונות, ברידער, און לאָמיר זיי פאַרליינדן,
„וואָרן טאָמער ניט — פאַרליינדן וועלן ווערן מיר פון זיי..."
אַזוי האָב איך געהערט און איך האָב זיך אַראָפּגערוקט פונעם קעמל
און געוואָלט אַנטלויפן, אָבער געוואַכט האָט שוין איבער מיר אַן עמלקי
און ער האָט מיר דעם וועג פאַרשטעלט. געמיינט האָב איך,
אַז געקומען איז שוין צו מיר די ביטערקייט פונעם טויט,
ווען פּלוצים האָט זיך צו מיין אויער דער אויסגעשריי דערטראָגן:
„אליפֿז!... אליפֿז!... ראַטעוועט זיך ווער עס קאָן!..."

**יהודה**

/מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם
ווער זאָגסטו?... אליפֿז...
האָב איך ריכטיק פון דיר דאָס וואָרט געהערט?

**פוטיפר**

יאָ, אליפֿז. אַזוי האָבן זיי געשריען,
אָבער דעם באַטייט דערפון האָב איך ניט פאַרשטאַנען.

**יהודה**

דערצייל! דערצייל! וואָס איז דערנאָך געשען?

**פוטיפר**

ווי נאָר דאָס וואָרט אליפֿז האָט זיך דערטראָגן,
אַזוי צעזעצט האָבן זיך די עמלקים אויף זייערע פערד
און צעלאָפן זיך נאָך שנעלער ווי פייל פון בויגן.
און איך, אַז איך האָב דערזען, אַז איך בין אַליין,
האָב איך אויך גענומען לויפן,
און וואוהין צו לויפן האָב איך ניט געוואוסט,
און ווען איך האָב זיך שוין צום באַרג דערנאָענט,
האָט מיך אָנגעיאָגט אויף מיין קעמל מיין קנעכט, טוטאַפּטאָ.

**יהודה**

/הויבט אויף די הענט צום הימל
איך דאַנק דיר גאָט פון מיינע אָבֿות,
פאַר דיין חסד און דיין גענאָד,
וואָס אין דער צייט פון גרויסן שטראָף,
האָסטו ווי אַ מלאך צו אונדז אליפֿזן געשיקט
פאַר אַ דערלייזונג און פאַר אַ רעטונג.

{צו פּוטיפרן}
און צו דיר, מיין האַר, פרידן!
וואַרן גוט איז דער אָנזאָג, וואָס דו האָסט צו מיר געבראַכט,
און געבענטשט ביזטו צו מיר און צו דעם הויזגעזינד פון מיין פאָטער.
{און נאָך אַ פּויזע}
און וואָס זיינען דיינע טאוונגען, מיין האַר,
און מיט וואָס פירסטו האַנדל אין אונדזערע מקומות דאָ?

פּוטיפר
/פאַרדעכטיקט:
איך פיר קיין האַנדל ניט אין דעם לאַנד פון כּנען.
איך בין בלויז אַ קנעכט צו מיין האַר צו פּרעהן,
און פון דעם וייטן הודו־לאַנד פיר איך
געווירצן און בשׂמים פאַר דעם הויז פונעם קעניג.
אָבער מיינע קעמלען האָב איך אויפן וועג פאַרלוירן,
און אויסגעלאָזט האָט זיך דאָס זילבער פון מיינע כּלים
און איך ווייס ניט ווי צוריקצוקומען איצט צו מיין לאַנד.
סיידן ס'וועלן צו מיר קומען מיט הילף פון היגן לאַנד די געטער
און איך וועל דערפאַר צו זיי אַ קרבן ברענגען אין מיין לאַנד.

יהודה
דאָס איז ביטער, וואָרן וויט איז נאָך דיין וועג,
און ער איז פאַרשפּרייט איבערן מדבר,
וואו ס'איז ניט קיין וואַסער און ניט קיין שפּייז.

פּוטיפר
איך ווייס, אַז שווער איז דער וועג און דאָרט לויערט אַ גרויסע געפאַר,
אָבער באַליבט איז פּרעה ביי די געטער,
און אויף זיין זכות וועל איך זיך פאַרלאָזן.

{פּויזע. יהודה פאַרדעקט מיטן האַנט זיין פּנים און שטייט אַ ווײַלע פאַרטראַכט. דערנאָך ווענדט ער זיך מיט אימפּעט צו פּוטיפרן:}

יהודה
וואַרט אויף מיר אַ ווײַלע,
איך וועל באַלד קערן זיך צוריק
און ברענגען דיר דיין געגאַרטע הילף.

{ער גייט אַוועק צום גרוב, וואוהין מען האָט יוספן אַריינגעוואָרפן. פּוטי־פר בלייבט אַליין און קוקט זיך אַרום מיט חשד. ער פאַרזיכערט זיך,

אַז ער ווערט פון קיינעם ניט געזען, שלעפּט ער שנעל אַרויס פון זיין בוזעם עטלעכע בייטלעך מיט זילבער און בינדט זיי צו מיט שנירלעך אַריבער די קנעכלעך פון זיינע פיס. ער בינדט צוערשט צו אַלע בייטלעך און דערנאָכדעם האָט ער חרטה, בינדט איין בייטעלע אָפּ צוריק און לייגט אים צוריק אַריין אין בוזעם.

{די זון איז שוין פאַרגאַנגען. עס ווערט פינצטער. אויפן הימל צינדן זיך אָן שטערן.

{יהודה קומט צוריק און ברענגט צופירן יוספן. יוספס הענט זיינען געבונדן אויף הינטן. ער שפּאַצירט מיט אַן אַראָפּגעבויגענעם קאָפּ און איז קענטיק צעבראָכן.}

**יהודה**

/צו פוטיפרן

**אײנעם, וואָס זאָל דיך באַגלייטן אויף דיין וועג,**
**האָב איך צו דיר געבראַכט. אַ קנעכט . . .**
**אַ דינער פון די געטער פון כנען . . . קויף אים!**

**פוטיפר**

/מיט חשד

**אַ קנעכט? אַ דינער פון די געטער פון כנען?**
**אָבער ס׳האָט זיך אויסגעלאָזט דאָס זילבער פון מיינע כלים —**
**ווי קאָן איך איצט קויפן אַ קנעכט?**

**יהודה**

**פרידן! איך וועל דיך פון דיין זילבער ניט באַרויבן!**
**קויף אים!**
{ער קומט צו צו אים און טוט אים אַ לייכטן שטויס אין זיין ברוסט}
**ווען דאָרט וואָלט קיין זילבער ניט געווען פאַרבאָרגן,**
**וואָלסטו זיך פאַר דיין בוזעם אַזוי אָפט ניט געהאַלטן . . .**
**פופציק זילבער־שטיק און דער קנעכט איז דיינער,**
**און די געטער פון כנען וועלן זיין מיט דיר.**

**פוטיפר**

/באַטראַכט יוספן

**נאָך גאָר אַ יונגלינג. פופציק זילבער־שטיק**
**פאַר אַזאַ קנעכט? ניין.**

**יהודה**

**פערציק.**

**פּוטיפר**

נייך.

**יהודה**

דרייסיק.

**טוטאַפּטאָ**

/באַוויזט זיך ביים אַראָפּגאַנג פונעם באַרג און ער שרייט אויס:

מיין האַר, מיין האַר! אונדזערע יונגען
און די קעמלען קומען אָן.

**פּוטיפר**

איך קום אַרויף צו דיר!

{ער וויל אַוועקגיין. יהודה פאַרשטעלט אים דעם וועג}

**יהודה**

וואַרט אויס! וויפיל באַטסטו פאַרן קנעכט?

**פּוטיפר**

איך דאַרף קיין קנעכט ניט. פרידן צו דיר!

**יהודה**

פינף און צוואַנציק זילבער־שטיק!

**פּוטיפר**

צוואַנציק. און אויך דאָס דאָזיקע צאָל איז צופיל,
נאָר איך וועל אים אויסלייזן פון דיר,
וואָרן מיט פרידן האָסטו מיך דאָ באַגעגנט.

**יהודה**

צייל אָפּ דאָס געלט.

**פּוטיפר**

/ציילט אָפּ דאָס געלט. נעמט יוספן ביים אַקסל־
קום.

{יוסף רעדט קיין וואָרט ניט און גייט אַוועק נאָך פּוטיפרן. נאָר ווען
ער הויבט אָן אַרויפגיין אויפן באַרג, שטעלט ער זיך אָפּ, קערט זיך אום
צו יהודהן און זאָגט:}

**יוסף**

יהודה! דיין ברודער האָסטו פאַר אַ קנעכט פאַרקויפט!...
ברודערשאַפט אויף זילבער־שטיקער אויסגעביטן!...

**דיין פּאָטערס זון — אַ קנעכט אין אַ פרעמדן לאַנד! . . .**
**און פון דעם הימל דאָרט קוקן אַראָפּ שטערן —**
**אויגן פון די נשמות פון די טויטע . . . אונדזערע אָבות . . .**
**זיי זען! מיין מוטער רחל! יצחק! אַברהם! . . .**
**זיי זען! . . .**

{יהודה בלייבט שטיין ווי פאַרגליווערט, און אין אַ איבערגלויבערישער שרעק.}




אין דעם פּאַלאַץ פון פּרעה, דעם קעניג פון מצרים. דער טראָן שטייט אין הינטערגרונט. רעכטס פון אים איז דער אַריינגאַנג צו די אינעווייניקסטע חדרים פון פּרעהס פּאַלאַץ.. לינקס איז דער אַרויסגאַנג צום דרויסן, וואָס איז אָפן און דורך אים זעט זיך אַ טורעם, אויף וועלכן עס שפּאַצירט אום אַ וועכטער.

פרימאָרגן, פיר יאָר שפּעטער.

**זליכה** שטייט ביים פּאַרהאַנג, וואָס ביים אַריינגאַנג צו פּרעהס אינעווייניקסטע צימערן, און קוקט אַריין, פּאַרגנבעטערהייט, הינטער די פּאַרהאַנגען צו זען, וואָס עס טוט זיך דאָרט. ניט ווייט פון איר שטייט איר מאַן, **פּוטיפר**, דער שני־למלך פון פּרעה.

אין מיטן זאַל, אָפּגעזונדערט פון אַלעמען, שטייט דער **שר המשקים** (דער טראַנקמייסטער).

לינקס, ביים אַריינגאַנג, שטייען **טוטאַקאַר** און **אַקאַטעטאַן**, צוויי באַוואָפנטע אָפיצערן פון דער וואַך פון פּרעהס הויף.

**זליכה**

פּאַר זיך

**ווי פרי פּרעה איז היינט אויפגעשטאַנען!**

**שר המשקים**

פּאַר זיך

**איך האָב היינט אינדערפרי דעם טייך געזען.**
**פּאַרטאָג נאָך בין איך צום נילוס אַוועק שפּאַצירן.**
**ווי געטלעך נילוס איז געווען!**
**און ווען אַמאָן־רא האָט זיך אויפן הימל אויפגעהויבן,**
**האָט זיך אַן אַמאָן־רא אויך אין טייך באַוויזן,**
**זיך אין אים געטובלט**
**און די הייליקע וואַסערן נאָך הייליקער געמאַכט.**
**אויך איך האָב זיך אין טייך געטובלט.**

און ווי דימענטן זיינען געווען די וואַסער־שפּריצן,
ווען עס פינקלט דורך זיי די ליכטיקייט פון אַמאָן־ראַ,
דעם גרויסן גאָט פון גאָר דער וועלט — די זון.

**זליכה**

/פאַר זיך

זייער פרי איז דהיינט אויפגעשטאַנען פּרעה.
איז ניט זיס געווען דער שלאָף צו זיינע אויגן?
און איצט איז ער אַזוי פאַרטראַכט . . .

{פון די אינעווייניקסטע צימערן פונעם פּאַלאַץ דערטראָגט זיך דאָס שפּילן
אויף אַ פלייט}

**טוטאַקאַר**

/צו אַקעטאַטאָנען

מע שפּילט אויף אַ פלייט.
ווער שפּילט עס אויף אַ פלייט?

**אַקעטאַטאָן**

דאָס שפּילט אָסנת. זי שפּילט אַלעמאָל
ווען שלעכט איז דאָס געמיט פון פּרעה.

**זליכה**

/פאַר זיך

ווי שיין איז דאָס אויסזען פון פּרעה,
ווען ער גייט אַרום אַזוי פאַרטראַכט.

**פּוטיפר**

/צו זליכהן, אייפערזיכטיק

וואָס האָסטו זיך אויף פּרעהן אַזוי פאַרקוקט?
תמיד פאַרקוקסטו זיך אויף עמיצן . . .
הער אויף צו קוקן הינטערן פאַרהאַנג! . . .

**זליכה**

/פאַרענטפערט זיך

פּרעה איז אונדזער קעניג און אונדזער האַר;
פּרעה איז פון די געטער אַ קינד
און איז פון זיי באַליבט.
און איך וויל גענאָד געפינען
אין די אויגן פון די געטער . . .

**טוטאַקאַר**

/צו אַקעטאַטאָנען

איך האָב פּרעהן נאָך קיינמאָל ניט געזען.

**אַקעטאַטאָן**

איידער מע זעט פּרעהן צום ערשטן מאָל

דאַרף מען זיך היילִיקן אין די וואַסערן פון נילוס.

פּרעה איז דער זון פון נילוס און דעם היילִיקן אַפּיז.

**טוטאַקאַר**

איך בין ביים נילוס געבוירן געוואָרן

און ביים נילוס אויסגעוואָקסן.

פון קינדווייז אָן האָט מיך מיין מאַמע

יעדן טאָג געבאָדן אין די הייליקע וואַסערן פונעם טייך

און געגרייט מיך צו זיין אַ דינער צו פּרעהן.

**זליכה**

/פאַר זיך

פּרעה איז אַ קינד פון די געטער.

פּרעה איז אַליין אַ גאָט! . . .

פּרעה מעג זיך אויסקלייבן אַ ווייב

פון צווישן די ווייבער פון זיינע דינער

און קיינער טאָר אים ניט זאָגן:

— דו טאָרסט אַזוי ניט טאָן . . .

**פּוטיפר**

/צו זיין ווייב

ס'איז ניט גוט פאַר דיר

דאָ צו שטיין.

גיי אַהיים!

**שר המשקים**

/פאַר זיך

אין די וואַסערן פון נילוס האָב איך זיך היינט

מיטן אויפגאַנג פון דער זון געבאָדן,

און געהייליקט איז מיין לייב געוואָרן.

**טוטאַקאַר**

/צו אַקעטאַטאָנען

מיין מאַמעס ברודער איז געווען אַ קנעכט צו פּרעהן.

ניט צו דעם איצטיקן פרעהן, נייערט צו זיין טאַטן.
און פרעה האָט אים דערנאָך דערד־הויבן פאַר אַ הערשער
פון אַ רייכן לאַנד, וואָס איז אין מזרח זייט.

**אַקעטאַטאָן**

איך דין פרעהן שוין צוואַנציק יאָר
און פרעד־ה האָט מיך נאָך ניט אויסגעצייכנט
און פאַר קיין הערשער איבער לענדער
האָט ער מיך נאָך ניט באַשטימט . . .

**טוטאַקאַר**

איך ברען מיט נייגער פרעהן שוין צו זען.
מע זאָגט, אַז ווען ער וויל, מאַכט ער גאָלד
פון דעם זאַמד, וואָס איז ביים ברעג פון ים.

**אַקעטאַטאָן**

פרעה איז דער זון פון געטער.
אַלץ קאָן פרעה טאָן, אַז ער וויל.
ער טוט עס אָבער ניט.

**טוטאַקאַר**

מיין מאַמעס ברודער האָט גאָלד אַסך און זילבער,
ער האָט רובינען און אַלמאַזן, און פורפור־קליידער אָן אַ שיעור,
ער האָט פּאַלאַצן, און קנעכט און דינסטן זייער פיל.
דאָס איז דערפאַר, וואָס פרעה האָט אים דערהויבן פאַרן הערשער
איבער אַ מדינה, וואָס איז אין מזרח־זייט.

**אַקעטאַטאָן**

איך דין פרעהן שוין צוואַנציק יאָר
און פרעה האָט מיך נאָך ניט אויסגעצייכנט
און פאַר קיין הערשער איבער לענדער
האָט ער מיך נאָך ניט געמאַכט . . .

**שר המשקים**

/פאַר זיך

ווען איך וואָלט יוספס נאָמען פאַר פרעהן נאָר דערמאָנט,
וואָלט מיך פוטיפר אויפגעהאַנגען אויף אַ בוים,
ווי ער האָט דעם שר־הטבחים אויפגעהאַנגען.

אָבער איך האָב יוספן מיין שבועה געגעבן . . .
ביי דער הייליקייט פונעם נילוס האָב איך געשוואוירן . . .
נילוס האָט פיינט, אַז מע שווערט ביי אים אויף פאַלש . . .
נילוס וועט פון מיר נקמה נעמען . . .

{פויזע}

יעדן פרימאָרגן וועל איך זיך טובלן
און אין זיינע וואַסערן הייליקן מיין לייב.
די וואַסערן פון נילוס וואַשן אָפּ
די זינד פון שווערן פאַלש . . .

**זליכה**

/פאַר זיך

פרעהס אויערן פאַרנעמען איצט דאָס שפּילן פון דער פלייט.
ווי עס שיינען זיינע אויגן, ווען ער הערט זיך צו צום שפּילן!
איך וועל זיך אויך לערנען צו שפּילן אויף אַ פלייט . . .
איך וועל פאַר פרעהן שפּילן אויף אַ פלייט . . .

**פּוטיפר**

/צו זליכהן

צופיל קוקסטו אויף פרעדהן, זליכה . . .
עס וועט דיינע אויגן שאַדן . . .
אַזוי ווי אויף דער זון,
קוקן טאָר מען ניט אויף פרעהן.
גיי אהיים!

**טוטאַקאַר**

/צו אַקעטאַטאָנען

ווער איז די דאָזיקע פרוי,
וואָס קוקט אַריין אין פרעהס צימער?

**אַקעטאַטאָן**

דאָס איז זליכה, פּוטיפרס ווייב.

**טוטאַקאַר**

פאַרוואָס איז זי דאָ אַזוי פרי?

**אַקעטאַטאָן**

די באַדינט פרעהס ווייב,
און זי וואַרט אויף איר אויפשטיין פון איר שלאָף,
צו פירן זי צום נילוס און צו באָדן זיך דאָרט.

**טוטאַקאַר**

פּוטיפר איז אַזוי אַלט
און זליכה איז נאָך יונג אַזוי . . .

**אַקעטאַטאָן**

האָס! טאָרסט אַזוי ניט רעדן!
פּוטיפר האָט ניט ליב, אַז מע זאָגט,
אַז ער איז אַלט און זיין ווייב איז יונג . . .

**טוטאַקאַר**

ווי שיין זי איז, ווען די שטראַלן פון דער זון
פאַלן אויף איר פּנים און פון איר קאָפּ די האָר.

**אַקעטאַטאָן**

האָס! מען טאָר ניט רעדן ווי שיין זליכה איז,
וואָרן ווען פּוטיפר וועט דאָס דערהערן,
וועט ער שווער באַשטראָפן יענעם מאַן.

**טוטאַקאַר**

אַ מאָדנער איז פּוטיפר.

**אַקעטאַטאָן**

פאַר אַזאַ זאַך האָט ער שוין איינעם שווער באַשטראָפט.
דער אויפזעער איבער זיין הויז איז ער געווען.
אַ יונגער קנעכט, וואָס ער האָט געבראַכט פון כנען.
שוין דריי יאָר, אַז ער איז איינגעשפּאַרט אין תּפיסה,
וואָס איז אונטער זיין פּאַלאַץ.

**טוטאַקאַר**

האָט דער קנעכט געזאָגט, אַז שיין איז זליכה.

**אַקעטאַטאָן**

דער קנעכט פון כנען האָט גאָרנישט ניט געזאָגט, —
געזאָגט האָט זליכה, אַז שיין איז דער קנעכט . . .

**זליכה**

/פאַר זיך

זיין ווייב האָט צו פּרעהן קיין קינדער ניט געבוירן,
און פּרעה וועט מיט דער צייט מוזן
אַוועקשיקן זי פון זיין געזיכט . . .

**פּוטיפר**

/צו זליכהן

עס איז ניט גוט פאַר דיר,

וואָס דו ביזט היינט אויפגעשטאַנען אַזוי פרי.

דיינע אויגן זיינען דיר שווער.

גיי צו דיין היים און לייג זיך שלאָפן,

און איך וועל אָסנתן צום קעניגס ווייב,

זי צו באַדינען, צו איר צושיקן.

**דער וועכטער**

/פונעם טורעם

דער שאָטן פון דעם טורעם

האָט זיך שוין ביים טייך געניינגט

און פרידן איז אין לאַנד מצרים.

**טוטאַקאַר**

/צו אַקעטאַטאָנען

וואָס האָט דער דאָזיקער געזאָגט?

**אַקעטאַטאָן**

ער האָט געזאָגט, אַז פרידן איז אין לאַנד מצרים.

**טוטאַקאַר**

דאַרף ער אַזוי זאָגן?

**אַקעטאַטאָן**

פיר מאָל רופט אַזוי אויס דער וועכטער פון דעם טאָג

פיר מאָל רופט אַזוי אויס דער וועכטער פון דער נאַכט;

אויף פירן איז דער טאָג געטיילט,

אויף פירן איז די נאַכט געטיילט,

און דער וועכטער טוט טיילן טאָג און נאַכט אַזוי.

**זליכה**

/פאַר זיך

פרעה איז אויפגעשטאַנען פון זיין אָרט.

ער שפּאַצירט איבערן צימער איצט אַרום.

ווי צוטראָגן און פאַרטראַכט ער איז,

און ווי אומרואיק איז זיין געמיט.

ער גלעט איצט זיין שטערן מיט זיין האַנט.

ווי שלאַנק עס זיינען די פינגער פון זיין האַנט!

**פּוטיפר**

/צו זליכהן

איך באַפעל דיר, זליכה, צו דיין היים צו גיין!
איך, פון פרעהן דער צווייטער, טו באַפעלן דיר!
איך וועל פרעהן זאָגן, אַז דיין געמיט
איז היינט שווער צו דיר און איך האָב דיך
דערפאַר צו דיין היים געשיקט.

**טוטאַקאַר**

ווי שיין יענע יונגפרוי איז!
ווי שיין איז זליכה!
און איר מאַן איז אַלט און מיאוס . . .

**אַקעטאַטאָן**

/דערהשראָקן

האָס! רעד ניט! מאַכטיק איז פּוטיפר
און ער פאַרטראָגט ניט קיין פרעמדע בליקן
אויפן געשטאַלט פון זיין ווייב.
אויך פאַרטראָגט ער ניט, אַז פרעמדע ליפּן
זאָלן דעם נאָמען פון זיין ווייב דערמאָנען.

**שר המשקים**

/פאַר זיך

ביינאַכט איז פון מיינע אויגן דער שלאָף פאַרוואָגלט
און שווער איז מיין געמיט בייטאָג; —
שטענדיק שטייט יוסף פאַר מיינע אויגן
און ער מאָנט פון מיר פון מיין שבועה דעם חוב.
און שטענדיק זע איך
ווי דער נילוס וואָלט אין גרימצאָרן זיך געהויבן,
זיך געהויבן אין זיינע כוואַליעס מאַכטיק,
און ווי די פילע זויגערס פון דעם גרוילעכן אָקטאָפּוס
נעמט דער נילוס מיך אַרום
און שלעפּט אין אָפּגרונט מיך,
אין אָפּגרונט, פון וועלכן מען קומט שוין ניט צוריק.
שווער הענגט אויף מיין געמיט

די שבועה, וואָס איך האָב יוסף גענעבן
און וואָס איך האָב זי נישט דערפילט . . .

{טוטאַקאַר טוט זיין בליק ניט אָפּ פון זליכהן}

**אַקעטאַטאָן**

מיט מיין זון בלוטן האָסטו געמישט, אָ טוטאַקאַר,
און היטן פון אַל דאָס בייז דאַרף איך דיך דערפאַר:
נעם אַראָפּ דיינע אויגן פון זליכהן!
קער דיין בליק צו ערגעץ אַנדערש,
וואָרן ווי צו דיר, אויב פּוטיפר
זאָל דיין בליק קענען מערקן . . .

**זליכה**

/מערקט טוטאַקאַרן. צו פּוטיפרן:

ווער איז דער יונגלינג,
וואָס שטייט לעבן אַקעטאַטאָנען דאָרט?

**פּוטיפר**

דאָס איז אַ נייער דינער,
וואָס איז געשיקט צו פּרעהן.

**זליכה**

און וואָס איז זיין נאָמען?

**פּוטיפר**

מיטן נאָמען טוטאַקאַר ווערט ער גערופן.

**זליכה**

איך האָב אים פריער ניט געזען.

**פּוטיפר**

היינט צום ערשטן מאָל
וועט ער זיך פאַרן געזיכט פון פּרעהן שטעלן
און זען צי ער וועט געפינען ליבשאַפט אין זיינע אויגן.

**זליכה**

/פאַר זיך

ווען ער וועט אין פּרעהס אויגן קיין ליבשאַפט ניט געפינען,
זאָל ער גענומען ווערן דאָס הויז פון פּוטיפר צו באַדינען.
פּוטיפרס הויז דאַרף אַן אויפזעער האָבן . . .

**טוטאַקאַר**

/אַנטציקט

זליכה זעט מיך! . . .

זליכה האָט אירע אויגן צו מיר געקערט

און זי קוקט אויף מיר! . . .

**אַקעטאַטאָן**

ס'איז ניט גוט וואָס זליכה קוקט אויף דיר.

ווי, איך זע, אַז אויך פּוטיפר קוקט אויף דיר,

וואָרן זליכהס בליקן האָט ער אויף דיר געמערקט . . .

**טוטאַקאַר**

/איבערגליקלעך

זליכה האָט צו מיר געשמייכלט!

ווי שיין אירע ציינער זיינען!

זיי זיינען ווי די ווייסע פלעקן

פון דעם הייליקן אַפּיז.

**פּוטיפר**

/צו זליכהן

איך וועל רופן די דינער,

אַז זיי זאָלן פירן דיך אַהיים.

איך וועל אָסנתן שיקן צו דער באַגלייטונג פון פּרעהס ווייב.

דו ביזט היינט קראַנק — מוזט גיין אַהיים!

**אַקעטאַטאָן**

/צו טוטאַקאַרן

צאָרנדיק איז דער אויסזען פון פּוטיפר.

קוק ניט מער אַהין!

שלעכטס וועסטו אויף זיך ברענגען,

אויב דו וועסט דיין בליק

ניט אָפּרייסן פון איר.

**טוטאַקאַר**

/באַצויבערט

די שמייכלט צו מיר ווידער!

מיט די אויגן שמייכלט זי!

צום מאָרגנשטערן געגליכן זיינען אירע אויגן

צום מאָרגנשטערן פונעם פרימאָרגן
ווען די לבנה פונעם הימל איז פאַרבאָרגן.

**אַקעטאַטאָן**

ווײַ! ווײַ! עס זאָגט מיר שלעכטס מײַן האַרץ!
ניט אין אַ גוטער שעה און צום ווידערווילן פון די געטער
האָסטו איבערגעטראָטן דעם שוועל פון פרעהס הויז.

**טוטאַקאַר**

אירע אָרעמס זײַנען ווי די ווײַסע ליליעס,
וואָס לעם די פאָנטאַנען פון פרעהס גאָרטן;
אירע ליפּן זײַנען ווי די רויטע רויזן,
וואָס ביים טעמפּל פון דעם הייליקן אַפּיז;
אירע באַקן זײַנען ווי דאָס רויזן פון דעם הימל,
מיט וואָס עס קושט די נאַכט דעם אָנקום פונעם טאָג.

**אַקעטאַטאָן**

קוק ניט אויף דער דאָזיקער פרוי!
עס איז נאָך ניט געווען דער מענטש,
וואָס זאָל זיך אָנצינדן אָנעם פייער פון אירע אויגן
און זאָל ניט פאַרברענט ווערן, ווי דער שמעטערלינק,
וואָס וואַרפט זיך אין דער נאַכט
צו דעם ליכט פון שייטערהויפן.
קוק ניט אויף דער דאָזיקער פרוי! —
איר שמייכל איז ווי דער גיפט
פון עקדעשן אין מדבר;
אירע אויגן זײַנען ווי די בלוטזויגערס,
וואָס אויפן גרונט פון ים:
זיי זויגן אויס און וואַרפן אַוועק.
זי איז פון פינצטערניש די טאָכטער,
וואָס איז צום בייזן גייסט געבוירן.

{עס קומען אַרײַן פון די אינעווייניקסטע צימערן די חרטומים און זיי שטעלן זיך אויס אין אַ פּאַראַדנער אָרדנונג. נאָך זיי קומט אַרײַן **פרעה**. ער זעצט זיך אויף זײַן טראָן. פּוטיפר שטעלט זיך צו זײַן רעכטער האַנט.}

**פרעה**

וועו פרעה זעצט זיך אויף זיין טראָן
און ער עפנט פאַר זיין פאָלק דעם משפט,
מוז דער הויפט פון זיינע כּוהנים
אין דעם זאַל פון משפט זיין!
וואו איז סעקהעמערע?
פון די כּוהנים דער הויפּט וואו איז?

**סעקהעמערע**

/וועלכער קומט אַריין אומגעמערקט בעת פרעה רעדט

זאָל פאַרגעבן מיר מיין האַר און קעניג
פאַר דער פאַרשפּעטיקונג פון מיין קומען היינט.
וואָרן איך האָב פאַר מיין דינסט צו פרעהן
און פאַר דעם וואוילזיין פון זיין לאַנד מצרים
אין די טעמפּלען פון די געטער
און ביז דער שפּעטקייט פון דעם פרימאָרגן
אין תּפילות און קרבּנות פאַרבראַכט די צייט,
כּדי אַנטפּלעקונגען זאָלן צו אונדז די געטער ברענגען
פון די געשעענישן פון טעג, וואָס וועלן קומען
און ביז דעם סוף פון דורות.

**פרעה**

/איראָניש

קרבּנות . . . תּפילות . . . און האָבן די געטער
דיר די אַנטפּלעקונגען געבראַכט?

**סעקהעמערע**

איך און אַלע כּוהנים פון די טעמפּלען
האָבן אין די הייליקע וואַסערן פון נילוס זיך געטובלט;
זיבן מאָל האָבן מיר זיך דאָרט געטובלט
און מיט די וואַסערן די לייבער אונדזערע געהייליקט.
דערנאָך זיינען מיר אין טעמפּל פון אַמאָן־רא אַוועק,
צו די גרויסע געטער קרבּנות פיל געבראַכט,
און דערנאָך אין גרויסן שווייגן זיך פאַרטיפט,
ביז וואַנען מיין געמיט האָט אַנטפּלעקונגען פאַרנומען.

**פרעה**

און וואָס זיינען די אַנטפּלעקונגען?
לאָמיר הערן!

**סעקהעמערע**

דערציילט האָט פּרעה מיר אַמאָל זיינס אַ חלום,
אַז זיבן פעטע קי און זיבן פעטע זאַנגען
האָט ער פון נילוס אַרויסגייענדיק געזען,
און פאַרשלונגען זיינען באַלד געוואָרן
סיי די קי און סיי די זאַנגען
פון קי מאָגערע און אויך פון זאַנגען מאָגערע.

**פּרעה**

/איראָניש

און דעם דאָזיקן חלום,
פון מיר אַליין שוין לאַנג פאַרגעסן,
פאַר די געטער האָסטו ד־היינט געבראַכט ? . . .

**סעקהעמערע**

אַנטפּלעקט האָבן די געטער היינט פאַר מיר,
אַז גרויס איז דער סוד פון יענעם חלום,
אַז ניט גלאַט אַזוי איז עס געוועזן אַ חלום,
נייערט כוונות טיפע זיינען אין אים פאַרטאָן.

**פּרעה**

און די כוונות יענע, לאָמיר הערן,
וואָס זיינען זיי ?

**סעקהעמערע**

אַזוי איז געוועזן די אַנטפּלעקונג פון די געטער :
„באַשערט איז פּרעהן, אַז פון זיינע לענדן
זאָלן אין דער צאָל פון זיבן זין אַרויס,
און באַשערט איז פּרעהן, אַז פון זיינע לענדן
זאָלן אין דער צאָל פון זיבן טעכטער אויך אַרויס ;
און עס וועט ניט זיין קיין שלום
צווישן די זין און טעכטער פון פּרעהס הויז,
און פאַרצוקט וועלן די טעכטער
שפּעטער ווערן פון די זין".

**פּרעה**

/איראָניש

איז דאָס דער פּתרון צו אַ חלום,
וואָס די אומשטערבלעכע געטער

האָבן אין אייער געדולדיקייט,
אין דער טיפקייט פון אייער שווייגן,
היינט צו אייך געבראַכט.

סעקהעמערע

יאָ, מיין האַר און קעניג!

פּרעה

און דער טראַכט פון פּרעהס ווייב איז געשלאָסן
און קיין קינדער האָט זי ניט . . .

סעקהעמערע

די הייליקע גייסטער פון פּרעהס אָבות
וועלן עפענען איר טראַכט.

פּרעה

/שוין אין כעס
און אין דער טיפקייט פון אייער שווייגן
הט זיך היינט געהערט דאָס שפּילן פון פּילע פלייטן
און דאָס טופּען פון פיס ביים טאַנצן,
און די אויסגעשרייען פון שיכורים,
און די רייד די אויסגעלאַסענע פון פרויען . . .
איז דאָס דורך וואָס ס'איז צו אייך די הייליקונג געקומען? . . .
איז דאָס די פּאַרטיפּעניש פון אייער שווייגן? . . .

סעקהעמערע

/אין פאַרלעגנהייט און דערשראָקן
די אויערן וואָס האָבן אַזעלכס געהערט,
האָבן פאַלש געהערט;
די ליפּן וואָס האָבן צו פּרעהן דאָס דערציילט,
האָבן פאַלש דערציילט . . .

פּרעה

/שטייט אויף אין גרימצאָרן
סעקהעמערע און איר אַלע חרטומים פון מצרים,
פּרעהס צאָרן אויף אייך! . . .
איר האָט דאָך אַמאָל אַליין געזאָגט,
אַז פאַרשלאָסן מוז בלייבן דער טראַכט פון פּרעהס ווייב,
און אַז מיין ברודער און זיינע קינדער

וועלן זיין די הערשער פון מיין לאַנד,
ווען צו מיינע עלטערן וועל איך אַוועק.

**סעקהעמערע**

/ביי זיך אַראָפּגעפאַלן

אַזוי איז דער ווילן פון די געטער . . .

**פרעה**

וויפיל ווילנס האָבן דאָס די געטער ?
מאַכן זיי איינצייטיק טאָג און נאַכט ?
מאַכן זיי פייער מיט וואַסער צו שטימען ?
און אַז אַן עקרה איז פּרעהס ווייב,
טאָ ווי קאָן זי קינדער האָבן ? . . .

**זליכה**

/טרעט אַרויס פון דער זייט, וואו זי איז געשטאַנען און פאַרנייגט זיך פאַר פרעהן

זאָל דער קעניג די שענסטע
פון זיינע דינערס ווייבער זיך דערוויילן
און זאָל זי זין און טעכטער
צו אים געבוירן.

**פרעה**

/שטאַרק אויפגעבראַכט

שווייג, פרוי ! . . .

{זליכה טרעט צוריק דערשראָקן און פאַרלוירן. צוריקטרעטנדיק שטויסט זי זיך אָן אַן טוטאַקאַר. זי בלייבט שטיין. טוטאַקאַר עסט זיך אין איר איין מיט זיינע אויגן. זי באַטראַכט אים. פרעה לאָזט אַראָפּ זיין קאָפּ אויף זיין האַנט, פאַרטראַכט זיך. עס ווערט אַ שרעקלעכע, אויפגערעגטע פויזע. ביז וואַנען פרעה הויבט צוריק אויף זיין קאָפּ און באַטראַכט אַלעמען, ווי ער וואָלט ניט פאַרשטאַנען, וואָס דאָ גע־שעט אַרום אים.}

**פרעה**

איר זיינט נאָך אַלע דאָ ? . . .
פאַרוואָס זיינט איר נאָך אַלע דאָ ?
צו באַווייזן מיר, ווי ווייניק קלוג
מיינע אַלע חכמים זיינען ?

צו באַווייזן מיר ווי ניט פאַראַנטוואָרטלעך
מיינע אַלע כוהנים זיינען?
טוט זיך אָפּ פון פאַר מיינע אויגן!
פּוטיפר!

**פּוטיפר**

איך בין דאָ, אָ, גרויסער דזהאַר!

**פּרעה**

טו זיי אָפּ פון פאַר מיין געזיכט!

{פּוטיפר מאַכט אַ צייכן און זיי גייען אַרויס. עס בלייבן איבער:
פּוטיפר, זליכה, דער שר המשקים און די צוויי אָפיצירן פון דער וואַך.

**פּרעה**

/רעדט פאַר זיך

אוצרות פון דורות האָבן פאַר מיר איבערגעלאָזט מיינע פאַטערס: —
אָן שטייען זיי, די מאַכטיקע פּיראַמידן, און דערמאָנען מיך
אָן די מוראַדיקע טואונגען, וואָס זיינען אַמאָל געטאָן געוואָרן;
אָן שטייען זיי די מאַכטיקע ספינקסן, און היטן די גרענעצן פונעם מדבר.
שטייען זיי שוין דורות פילע, שטייען זיי אויף זייערע פלעצער אַזוי פאַרגליווערט,
קוקן אין דער אומענדלעכקייט פון רוים, קוקן אויף דער מוראַדיקייט פון מהלך,
שטייען זיי אַזוי און חלומען און אין זייערע חלומות זיינען זיי פאַרגליווערט.
וואָס זען זיי אין זייערע חלומות? וואָס אַנטפּלעקט זיך אין זייערע זעונגען צו זיי?
איך האָב זיך אין זייערע שאָטנס אַמאָל געשיצט,
טעג און נעכט האָב איך אין זייערע שאָטנס זיך אַמאָל געשיצט,
געשטאַנען בין איך און איך האָב זיי אין זייער טיפן שוייגן געהיט —
וואָס זען זיי? . . .

{פויזע}

און אַז איך האָב זיך אַמאָל צו דער הויכקייט פונעם ספינקס דערהויבן,
און אַז איך האָב פון דאָרט אין דעם מרחק, וואוהין ער קוקט, פאַרטיפט,—
וואָס האָב איך געזען? . . .

{פויזע}

און אַ צווייטן מאָל, און ביינאַכט, און איך האָב זיך
צו דער הויכקייט פונעם ספינקס ווידער דערהויבן,
און געזען האָב איך אַפּסניי ווי ס'קוקט דער ספינקס,
און געזען ווי זיינע אויגן זיינען אין דער ווייטקייט אַריינגעטאָן,
און דאָס מאָל שוין אין דער ווייטקייט פון אַרויף,

און צווישן שטערן האָבן זיינע אויגן געבלאַנדזשעט,
און אויך איך האָב אין יענעם מרחק אַרויפגעקוקט, —
וואָס האָב איך דאָרט געזען? . . .

{פויזע}

צו קאַנען חלומען האָט געגלוסט מיין זעל,
און אַז די חלומות האָב איך שוין יאָ געזען,
וואָס באַטייטן די דאָזיקע חלומות מיינע? . . .

{פויזע}

עס שטראָמט דער הייליקער נילוס —
פון וואַנען שטראָמט דער נילוס?
ווער האָט אויסגעפאָרשט דעם קוואַל
פון וואַנען די הייליקייט טוט זיך ציען?
איך בין פרעה, מען זאָגט, דער זון פון געטער,
דער שעפער און באַשעפער,
דער הערשער און באַהערשער,
און — איך ווייס אפילו ניט פון וואַנען דער נילוס שטראָמט . . .

שטראָמט אַוועק דער נילוס, גיסט זיך אין ים אַריין;
גיסט זיך און גיסט זיך דער נילוס אין ים אַריין
און עס ווערט ניט פול דער ים . . .

דער ים . . . וואָס איז דער ים? . . .
מיט וואָס גרענעצט זיך דער ים?

איך בין פרעה! דער מאַכטיקער! דער גרויסער!
און ווען עס קומט צו ים — ווייס איך זיינע גרענעצן ניט . . .
און ווען איך פרעג וועגן נילוס, ווייס איך ניט זיין קוואַל . . .
איך האָב אין מהלך אַריינגעקוקט און זען ניט געקאָנט,
איך האָב חלומות געזען און גאָרנישט ניט דערזען —
וואָס איז מיין מאַכט? . . .

{פויזע}

פאַרטאָג און פאַרנאַכט:
איך זע דעם טאָג, ווי ער רייסט זיך אין די גרענעצן פון נאַכט;
איך זע די נאַכט ווי זי רייסט זיך אין די גרענעצן פון טאָג, —
וואו ענדיקט זיך דער טאָג און הויבט זיך אָן די נאַכט? . . .
וואו ענדיקט זיך די נאַכט און הויבט זיך אָן דער טאָג? . . .

{פויזע}

זיבן זין און זיבן טעכטער האָבן די חרטומים פאַר מיר געזען . . .
חרטומים! . . . חכמים! . . .
אַלט מיט יאָרן, געבויגן די קעפּ פון די דערפאַרונגען פון לעבן, —
און ווייטער פון זין און טעכטער, וועלכע פאַרצוקן זיך, קאָנען זיי ניט זען . . .
אוי, עס קאָנען זייערע אויגן ווייטער ניט זען, פון דעם וואָס זיי זיינען אַליין,
און זייער בלינדקייט, בלויז דאָס אַליין קאָנען זיי זען . . .
אַליין, צווישנאַנאַנד, רייסן זיי זיך פאַר בכורה און פאַר עלטערקייט צו פּרעהן,
און אין פּרעהס חלומות קאָנען זיי קיין אַנדער פּתרון ווי פון רייסעגישן,
און קיין אַנדער פּתרון ווי פון זין און טעכטער, וואָס קריגן זיך, — ניט זען...
{פּויזע}

ענג איז מיר מיין טראָן! . . .
און ווען איך האָב געוואָלט מיין טראָן פאַרשפּרייטן,
און ווען איך האָב געוואָלט מיינע זעונגען דערהויבן,
און איך האָב זיי מיט חיילות אַרויפּצו, מיטן נילוס, געשיקט, —
האָבן זיי זיך אין בהלה צוריקגעקערט . . . פּחדנים!
און ווען איך האָב איבערן ים געוואָלט זיי שיקן,
זיינען זיי מיט תּחנונים צו די פיס צו מיר געפאַלן,
אַז איך זאָל זיי זייער לעבן שענקען . . . זייער לעבן! . . . —
דאָס לעבן פון ווערים, וואָס עסן זיך איין אין קרייטעכצער
און אינייגעם מיט זיי ווערן זיי צעריבן
צווישן די ציין פון אַן אייזל . . .
און אָט שטייט פּוטיפר . . . צום מזרח
האָב איך אים געשיקט קיין הודו —
און ווייטער פון כנען איז ער ניט דערגאַנגען . . .

{פּרעה טול־יעט זיין קאָפּ אין די דאַלאַניעס פון זיינע הענט, זינקט
אַזוי אַראָפּ און בלייבט זיצן, פאַרגליווערט אין זיין פאַרטראַכטקייט.
זליכה שטייט די גאַנצע צייט לעבן טוטאַקאַרן, וועלכער איז איינגעגעסן
אין איר מיט זיינע אויגן.}

זליכה

/שעפּטשעט צו טוטאַקאַרן
ווער ביזטו, בראַווער יונג?

טוטאַקאַר

/מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם
מיין נאָמען איז טוטאַקאַר
און פון דער וויטקייט פון דרום קום איך.

**זליכה**

ווער עס געפינט אין פּוטיפרס פּאַלאַץ

פון דעם גאָרטן די שאָטנס פון די פּאַלמעס, —

אום האַלבער נאַכט,

ביי דעם טורעם־וועכטערס צווייטן אויסגעשריי,

און ווער עס מיידט אויס פּוטיפרס וועכטערס שאַרפן בליק, —

דער דאַזיקער ווערט באַלוינט, ווי זליכה קאָן באַלוינען . . .

**טוטאַקאַר**

מיין נאָמען איז טוטאַקאַר! . . .

אין די וואַסערן פון נילוס בין איך געהייליקט . . .

ווער קאָן אָפּשטעלן פון נילוס דעם שטראָם? —

אַזוי קען קיינער טוטאַקאַרן ניט אָפּשטעלן,

ווען דער גלאַנץ פון דיינע אויגן רופט!

אום האַלבער נאַכט! . . .

(פויזע. פּרעה זיצט אַראָפּגעלאָזט זיין קאָפּ. אַלע שטייען פאַרגליווערט. אַקעטאַטאָנס שפּיז ציטערט אין זיין האַנט און ער קוקט מיט שרעק פון טוטאַקאַרן אויף פּוטיפרן, צו זען צי דער לעצטער מערקט ניט דעם שמו־עס צווישן דעם יונגן אָפיציר און זיין פרוי. אָבער פּוטיפר שטייט אַראָפּ־געלאָזט זיין קאָפּ און אין מורא פאַר פּרעה׳ס צאָרן. טוטאַקאַר אָטעמט שווער. זליכה זוכט פּוטיפרס בליק און ווען זי באַגעגנט זיך מיט אים גיט זי אים אַ וואונק, אַז זי וויל אַוועקגיין. פּוטיפר ענטפערט איר אַז זי זאָל עס טאָן.

**זליכה**

/צו טוטאַקאַרן

אום האַלבער נאַכט . . .

אין די שאָטנס פון די פּאַלמעס . . .

ביים פאָנטאַן . . .

**טוטאַקאַר**

מיין נאָמען איז ניט טוטאַקאַר

אויב איך קום ניט!

וועט אָפּהאַלטן מיך דער טויט,

וועט מיין שאָטן דאָרטן זיין! . . .

**זליכה**

ניין! ניין! ניט דיין שאָטן! . . .

איך האָב פאַר טויטע מורא! . . .

{דער שר־המשקים שטייט די גאַנצע צייט און שלינגט די ווערטער פון פרעהס מויל, בעת יענער האָט גערעדט. בעת דער פויזע מאַכט ער באַוועגונגען, ווי ער וואָלט געוואָלט אַרויסטרעטן און עפּעס זאָגן, אָבער עפּעס האַלט אים אָפּ. צום סוף ווערט די פויזע שוין צו שווער פאַר אים און ער טוט אַ טראָט פאָרויס און פאַלט צו צו פרעהס פיס.

{זל־יכה, וועלכע האָט שוין געהאַלטן ביים אַרויסגיין, דערזעענדיק די באַוועגונג פון דעם שר המשקים, בלייבט זי שטיין ביים אַרויסגאַנג. פרעה הויבט אויף זיין קאָפּ און קוקט אויפן שר המשקים פאַרוואונדערט. קוקט אויף אים, ווי ער וואָלט זיך ערשט פון שלאָף אויפגעכאַפּט און ניט פאַרשטאַנען וואו ער איז.

**פרעה**

וואָס ווילסטו זאָגן?

**שר המשקים**

פאַר דעם צאָרן פון פוטיפר האָב איך מורא —
אוי, באַשיץ מיך, גרויסער האַר!

**פרעה**

וואָס פאַר אַ צאָרן? . . .
פון וואָס זאָל איך דיך שיצן?

**שר המשקים**

אין דער תפיסה, וואָס אונטער דער ערד,
איז דאָרט אַ יונגלינג שוין דריי יאָר פאַרשפּאַרט,
און קליגער איז ער פון אַלע חרטומים פונעם לאַנד מצרים,
און ער וואָלט אַלע פאַרבאָרגענע רייד
און אַלע פאַרהיילענע פאַרלאַנגען פונעם גרויסן פרעה
זייער לייכט געקאָנט פאַרשטיין און — פירן פרעהן
אויפן וועג, נאָך וועלכן עס גאַרט אַזוי זיין זעל.

**פרעה**

ווער איז דער יונגלינג?

**שר המשקים**

איך וועל דיר דערציילן . . . אָבער וועסטו שיצן מיך
פון פוטיפרס צאָרן, וואָס וועט זיך אויסגיסן אויף מיר?

**פרעה**

איך בין פרעה!
און בלויז איך קאָן צאָרענען אין דעם לאַנד מצרים!

**שר המשקים**

וועל איך עפּענען מיינע לעפּצן
און אָפּטאָן פון מיין מויל מיין שווייגן:
פאַרזינדיקט האָט זיך אַמאָל דיין קנעכט, אָ, פּרעה,
און פאַרזינדיקט האָט זיך דאַן אויך דער שר־האופים,
און ביידע זיינען מיר אין איין צעל געווען פאַרשפּאַרט,
וואו אויך פאַרשפּאַרט איז געווען דער יונגלינג,
וואָס איז אין זיין לאַנד אַ פּרינץ געווען און אין מצרים — אַ קנעכט.
און ווען מיר האָבן צום יונגלינג וועגן די לידן אונדזערע דערציילט,
האָט ער פון זיין חכמה אונדז געלערנט,
און ווי אַזוי צו טענהן אין דעם גרויסן טאָג פון משפּט.
און זיינע עצות זיינען אַזוי וואונדערלעך געווען,
און פון זיין מויל האָט אַזויפיל חכמה געשפּראָצט,
וואָס ניט געהערט האָב איך ייער גלייכן צווישן די חרטומים
און צווישן די קליגסטע פון מצרים האָב איך אַזוינס ניט געהערט.
און ווען דער גרויסער טאָג פון משפּט איז געקומען,
האָב איך די רייד גערעדט, וואָס ער האָט אין מיין מויל אריינגעטאָן,
און אָט בין איך דאָ צוריק פאַר דעם אָנגעזיכט פון פּרעה.
אים צו דינען און אים צו זיין אַ קנעכט אויף תמיד;
אָבער דער שר־האופים האָט זיינע רייד ניט פאַרנומען,
וואָרן ער האָט געזאָגט: „וואָס קאָן מיך לערנען דער דאָזיקער,
וואָס איז נאָך אַזוי יונג און וואָס געשפּראָצט
האָט נאָך ניט די האָר אויף זיין פּנים? ...״
און דער שר־האופים איז דערפאַר אַהין געשיקט,
פון וואַנען מע קומט שוין ניט צוריק ...

**פּוטיפר**

רעדסטו וועגן יוספן?
דעם לעסטערער פון מיין וויב? ...

{פּרעה קוקט לאַנג און שאַרף אויף פּוטיפרן. אונטער פּרעהס בליק לאָזט פּוטיפר אַראָפּ זיין קאָפּ.} ..

**פּרעה**

/צו פּוטיפרן

ווער איז דער דאָזיקער יונג?

**פּוטיפר**

אַ קנעכט . . . אַן עברי . . . פונעם לאַנד כנען.
אין כנען האָב איך אים געקויפט.

**פּרעה**

פאַר וואָסער זינד האָסטו אין תפיסה אים פאַרשפאַרט?

**פּוטיפר**

ער האָט מיין ווייב געלעסטערט . . .

**זליכה**

דער יונג איז אַ שאַלקהאַפטיקער
און אַ שאַנד פאַר דעם לאַנד מצרים!

**פּרעה**

/קערט זיך האַסטיק אום צו איר

דו ביזט נאָך דאָ? פאַרוואָס ביזטו נאָך דאָ? . . .
פרעהס ווייב האָט אַסנתן אויף דיין אָרט דערווײלט.
זאָל פון היינט און וויטער
זיין דיין אָרט ביי זיך אינדערהיים
און אין דעם שאָטן פון פּוטיפרס באַלקן!

**זליכה**

/בויגט אַראָפּ איר קאָפּ און זי וויל פאַלן אויף אירע קני.

אָ, גרויסער . . .

**פּרעה**

/רייסט זי איבער

שטיי! פאַל ניט אויף די קני!

{צו פּוטיפרן}

גיי און ברענג דעם יונג אַהער!

{זליכה וויל אַרויסגיין, אָבער פרעה איז זיך מיישב און פאַרהאַלט זי}

אויף דער ווייל בלייב נאָך דאָ!

{פּוטיפר און סעקהעמערע אָפּ. פּרעה ווענדט זיך צו זליכהן}

מיט וואָס דערצאָרנט האָט דיך יוסף?

**זליכה**

/נידערשלאָגן

די זינד פון יוגנט . . . צופיל איז יוסף
אין זיין פאַרשייטקייט געווען צו איר גענייגט . . .

פרעה

/קוקט שאַרף און פאַרשנדיק אויף זליכהן

ווי אַלט איז יוסף דאַן געווען ?

זליכה

אַכטצן יאָר, מיין האַר !

פרעה

און דו ? ווי אַלט ביזטו געווען ?

זליכה

אין דעם זעלבן עלטער, מיין האַר.

פרעה

ביים צאַפּל פון יוגנט

איז וואָס עס רופן מיטן נאָמען זינד די אַלטע, —

איז דער עצם קוואַל פון לעבן . . .

{ער דרינגט זי דורך מיט זיין בליק. זי פאַרלירט זיך. דאַן ענדיקט ער}

און דיין מאַן איז אַלט . . .

{זליכה שווייגט}

פרוי, וואָס שווייגסטו ? . . .

זליכה

איך ווייס ניט וואָס צו זאָגן . . .

פרעה

איז ער מיאוס אין זיין אויסזען געווען ?

פרוי, רעד די וואָרהייט, וואָרן ער וועט באַלד

דערשיינען פאַר מיין פנים . . .

זליכה

/מיט אַ ציטערדיקן קול

ווייסער פון שניי איז זיין לייב געווען . . .

שלאַנק ווי אַ פאַלמע זיין געשטאַלט.

פרעה

פאַרוואָס אין דער פינצטערניש פון תפיסה

איז געשיקט געוואָרן דער דאָזיקער,

וואָס דהאָט אין זיין יונגשאַפט דיין האַרץ גערעגט ?

זליכה

פון דיר, מיין גרויסער האַר, קאָן איך קיין סוד ניט האַלטן,

וואָרן, ווי פאַר געטער, איז פאַרהיילעניש צו דיר אַנטפּלעקט :

**אין זיין קנעכטשאַפט איז ער אַ האַר געווען!**
**אין זיין קנעכטשאַפט האָט ער אונטערטעניקן זיך ניט געקאָנט! . . .**
**אין זיין קנעכטשאַפט האָט ער פריי אויסקלייבן געוואָלט . . .**
**אין זיין קנעכטשאַפט איז ער ווידערגעשטאַנען . . .**

**פרעה**

**און דערפאַר? . . .**

**זליכה**

**אויב ליכט ווערט דורך טאָג ניט באַנייט,**
**גייט זי אויס אין דער פינצטערניש פון אונטער דער ערד . . .**

**פרעה**

**און אויב דאָס ליכט האָט דיין טאָג ניט באַנייט,**
**האָסטו עס צום אויסלעשן פאַרמשפּט . . .**

**זליכה**

**אַ ליכט — און זליכה־ן ניט באַשטראָפן? . . .**
**— עס זאָל ניט זיין דאָס ליכט, — האָב איך געדענקט, —**
**וואָס זליכה זאָל גאַפן**
**און ניט קאָנען איינזאַפן! . . .**

{זי פאַרכאַפּט זיך און פאַרענטפערט זיך, אונטערטעניק און מיט אַ שוואַכן קול:}

**אין דיין פּאַלאַץ בין איך אַ פאַרשטויסענע דינסט,**
**אָבער אין מיין פּאַלאַץ בין איך די האַרינטע,**
**און — אַ האַרינטע בין איך אין מיין האַרץ . . .**

{מיטן אויסדרוק פון פאַראַכטונג אין זיין בליק קערט זיך פרעה אָפּ פון איר. זי בלייבט שטיין זייער נידערשלאָגן. פרעה הויבט זיך אויף און גייט אַוועק אין די אינעווייניקסטע צימערן פון זיין פּאַלאַץ. דער שר המשקים, בלייבנדיק אַליין מיט זליכהן, דערפילט זיך אומבאַקוועם און ער גנבעט זיך אַרויס פונעם צימער. עס בלייבן איבער בלויז זליכה און טוטאַקאַר. זליכה פאַרגעסט אינגאַנצן אָן טוטאַקאַרן. טוטאַקאַר אָבער נעמט פון איר ניט אַראָפּ קיין אויג. ער וויל אָנהויבן רעדן צו איר און ער האָט מורא. זליכה הויבט אָן אויסדרייען זיך צום אַרויסגאַנג און ערשט דאַן באַמערקט זי טוטאַקאַרן. לאַנגזאַם הויבט זי אויף איר קאָפּ און קוקט אויף אים.} ..

**זליכה**

**ווער ביזטו, יונגלינג, וואָס שטייסט אַט אַזוי אַ**

און צערסט מיך מיט דיינע בליקן אפילו דאָן,
ווען איך בין געוואָרן פאַרשטויסן,
און בין געבראַכט צו לעסטערונג און שפּאָט?

טוטאַקאַר

קאָן אַ וואָלקנדל פאַרשטעלן פון דער זון ס'ליכט?
קאָן אָפּהאַלטן אַ שטרוי פון נילוס דעם שטראָם?

זליכה

עס האַלט ניט אָפּ אַ שטרוי פון נילוס דעם שטראָם, —
פון דעם טאָג די ליכטיקייט מאַכט אַ וואָלקן אָבער גרוי...

טוטאַקאַר

און ווער איז זליכה? —
ליכטיקט זי ווי דער טאָג,
אָדער שטראָמט זי ווי דער נילוס?

זליכה

ווער איז זליכה?... דו פרעגסט עס?...
קיינער האָט עס פריער נאָך ניט געפרעגט. —
מע האָט צו זליכהן מתנות געטראָגן,
מען האָט זליכהן ליב געהאָט און זי באַגערט,
מע האָט זליכהן פיינט געהאָט און זי געשטויסן, —
מע האָט אָבער „ווער איז זליכה?" —
נאָך קיינמאָל ניט געפרעגט...
און זליכה האָט אַמאָל אַרויף געשטיגן:
פון אַ דינסט און ביז פּוטיפרן,
און פון פּוטיפרן — אַזש ביז יוספן!...
„ווער ביזטו, זליכה?" — האָט אָבער קיינער ניט געפרעגט.
און זליכהס גאַנג ד'האָט אָנגעהויבן נידערן,
פון דעם פרינץ דעם געטלעכן, פון יוספן
און ביז דעם פרינץ דעם ערדישן, ביז פרעהן...
אַראָפּ, אַראָפּ האָט זי גענידערט,
און ביז... כאַ־כאַ־כאַ... ביז טוטאַקאַרן —
אַראָפּ... אַראָפּ... און —
ווען זי איז כמעט שוין צוריק אַ דינסט —
פרעגט אַ קנעכט: — ווער ביזטו זליכה?...
כאַ־כאַ־כאַ...

**טוטאַקאַר**

פון אַלע פרויען ביזטו די אויסדערוויילטסטע . . .

**זליכה**

/לאָזט אים ניט ענדיקן

שוייג ! באַקאַנט איז מיר וואָס דו וועסט זאָגן . . .

דיינע רייד וועלן ניט זיין געענדערט

פון די רייד פון זיי אַלעמען . . .

איינגעחזרטע רייד, ווידערהאָלן זיך אין יעדן מויל . . .

אוי, ווי ווייניק קלוג איר זיינט, פאַרליבטע !

ווי עס ברייטערט זיך ניט אייער פאָרשטעלונג

פון די אורצייטן און ביז היינט צו טאָג !

ווי דערווידער עס זיינען מיר די איבערגעחזרטע און ניט פאַרטיפטע רייד,

וואָס געהערט האָבן זיי שוין מיינע באָבעס

און באַקאַנט צו מיר זיינען זיי שוין געווען,

נאָך איידער עמיצער האָט זיי מיר געווידמעט . . .

בעסער שטומט ! . . . . שטומט און קוקט

און צערט מיך אויס מיט אייער בליק !

ליבערשט רייסט מיין לייב אויף שטיקער,

צעגלידערט מיך אין אייער גלוסטונג, —

איידער איר קומט איבערקרימען ווערטער,

ווי די באַוועגונגען, וואָס עס קרימען איבער מאַלפּעס . . .

שטומט ! . . . וואָרן איך האָב שוין אַזוינע רייד אַמאָל געהערט,

וואָס זיינען אַזוי איינציק הייליק אויף דער וועלט,

ווי עס זיינען געווען די רייד פון די געטער,

ווען צום ערשטן מאָל האָבן זיי וואָרט באַשאַפן

און דאָס וואָרט האָט צום ווען וועלט געבראַכט —

עס האָבן אַמאָל פאַרנומען מיינע אויערן די רייד פון יוסף ! . . .

**טוטאַקאַר**

/פאַרווירט

וואָס ביזטו, זליכה ? . . .

**זליכה**

ווער איך בין, — האָסטו פריער מיך געפרעגט —

און וואָס איך בין — פרעגסטו שוין אַצינד . . .

כאַ־כאַ־כאַ . . . וואָס בין איך טאַקע ? . . .

ווער וועט דאָס צו מיר אַנטפּלעקן ? . . .

— קיינער ניט!
ווער עס ווערט פון מיר פאַרבלענדט,
זעט דאָך זיין פאַרבלענדקייט נאָר,
און ווער עס איז ניט פאַרבלענדט,
קוקט זיך דאָך אויף מיר ניט אום...
און אפילו ווען ער קוקט, איז ער בלינד!...
איינאיינציקער, יוסף, זען ד״האָט געקאָנט,
און ער האָט טאַקע מיך געזען!...
און פאַר דעם האָב איך געשראָקן זיך
און זיצט ער אַט אין פינצטערניש דערפאַר...
עס ווערט אָבער יוסף פריי צוריק!...
יוסף וועט ווידער זען...
יוסף וועט טיפער און ווייטער זען
אפילו פון מיר אַליין און...

{זי ברעכט צוזאַמען}

וואָס וועט זיין?... וואָס וועט זיין?...

**טוטאַקאַר**

אויך איך וועל זיך לערנען צו זען.
אַ ווייטזעער בין איך:
אין די וואַסערן פון נילוס האָט מיין מאַמע
פון קינדווייז אָן מיך יעדן טאָג געטובלט.

**זליכה**

/פלאַצט אויס אין אַ געלעכטער

אַזוי?... אַ ווייטזעער אַזש דורכן נילוס!...
אָבער זען וועסטו — דאָך! — זיך ערשט לערנען...
בלינד איז דער דאָזיקער,
וועלכער זעט פון אָנפאַנג ניט!
בלינד איז דער דאָזיקער,
וועלכער איז גלייך ביים אָנפאַנג שוין פאַרבלענדט!
זען וועסטו דיין בלינדקייט בלויז
און קיינמאָל וועסטו מיין אַנטפּלעקונג ניט זען!
וואָרן טועם איז די בין פון דער בלום דעם האָניק,
אָבער קיינמאָל איז די בלום ניט טועם
דעם אינגעווייד פון בין...
איך בין די בין צו דיר!...

**טוטאַקאַר**

/נידערשלאָגן
אײַנגעזאַפּט האָט מײַן אויג
פון דיר די גרויסע שטראַלונג;
אָפּגעקלאַפּט האָט אין מײַן האַרץ
די וואַרעמקייט פון דײַנע בלוטן!

**זליכה**

עס קאָן זיך קלאַפּן טויזנט מאָל דײַן האַרץ,
אָבער ניט אײַנזאַפּן קאָנסטו מײַן ליכט . . .
ליכט? . . . ניט דו קענסט אָנצינדן ס'ליכט אין מיר —
זײַ גליקלעך, אויב מײַן פינצטערניש
ועסטו כאָטש קענען זאַפּן . . .
אָבער, שאַ! שטיל! —
וואָס אַרט מיר, וואָס פאַר אַ טעם עס פילט
דער ווײַן פון מײַן גומען,
ווײַבאַלד מײַן גומען האָט הנאה פונעם ווײַן . . .
אָבער ווײַן! ווײַן זאָל עס זײַן! . . . שיכרות! . . .
יאָ, שיכרות! . . .
אָבער שיכור איז זליכה בלויז אײנמאָל געווען,
און פון דענסטמאָל אָן איז מער קיין ווײַן ניט געווען . . .
וואַסער . . . וואַסער . . . בידנע וואַסער!
בלויז דעם דורשט צו שטילן! . . .
אַז ס'זאָל ניט טריקענען דער גומען בלויז . . .

**טוטאַקאַר**

איך פאַרשטיי ניט . . .

**זליכה**

דו פאַרשטייסט ניט . . . —
ס'געפעלט מיר דײַן ניט איבערקליגערישע אָפנהאַרציקייט!
פאַרשטאַנען האָט נאָך קיינער ניט,
אָבער זיי האָבן עס פאַרבאָרגן . . .
נאָך מער דערווידער פון דערווידערונג
זײַנען זיי דעריבער צו מיר געווען.
אָבער דו פאַרשטייסט ניט
און ביזט זיך מודה. —
וועט זליכה טאָקע דערפאַר וואַרטן

**אויף דיר אום האַלבער נאַכט**
**ביים פֿאַנטאַן.**

{טוטאַקאַר וויל פֿאַלן פֿאַר איר אויף די קני — צעשרייט זי זיך ווילד :}

**ניין ! ניט אויף די קני, —**
**אויף דער ערד צי זיך אויס פֿאַר זליכהן ! . . .**
**אויף דער ערד ! . . .**

{טוטאַקאַר פֿאָלגט זי. זי רייסט אַרויס פֿון זיין האַנט דעם שפּיז און אַרויפֿשטעלנדיק אויף אים איר פֿוס, שטייט זי מיטן שפּיז אין האַנט, דעם קאָפּ פֿאַרריסן, שטאָלץ.

{פֿון זייטיקן צימער דערטראָגט זיך דאָס שפּילן אויף אַ פֿלייט. זי טוט אַ ציטער און הערט זיך איין מיט שרעק. איר קאָפּ הויבט אָן ביסלעכ־וויז אַראָפּזינקען. זי פֿאַנגט אָן ווידער איינשרינקען, ווי אַלטקייט און שוואַכקייט וואָלט פּלוצים און שנעל זיך אָנגעדרוקט אויף איר, און לאַנגזאַם הייבט זי זיך אָן אָפּרוקן פֿון טוטאַקאַרן. דער שפּיז פֿאַלט אַרויס פֿון איר האַנט. קוים וואָס זי רעדט :

**אָסנת שפּילט פֿאַר פּרעהן . . .**
**אָסנת באַהערשט פּרעהס געמיט . . .**
**און זליכה . . . זי וויל שטאָלץ זיין,**
**וואָס זי קאָן כאָטש באַהערשן פּרעהס אַ קנעכט . . .**

{פּויזע. פֿון ווייטן הערט די פֿלייט ניט אויף צו שפּילן. זליכה פֿאַר־שטאָפּט זיך די אויערן, קוקט אַראָפּ אויף טוטאַקאַרן און איר פּנים פֿאַר־קרימט זיך פֿון ווייטיק און פֿאַרדרוס. זי טוט אים אַ שטויס מיטן פֿוס :}

**שטיי אויף, קנעכט !**
**אפֿילו אויף אַזויפֿיל האָסטו נישט קיין פֿאַרשטענדעניש,**
**אַז דו זאָלסט כאָטש גלוסטן צו הערשן**
**און ניט זיין אויסגעצויגן אין אַש און שטויב . . .**
**קנעכט ! . . .**

{זי גייט האַסטיק אַוועק.

{טוטאַקאַר הויבט זיך אויף און קוקט אין דער ריכטונג, וואו זי איז פֿאַרשוואונדן געוואָרן. לאַנגזאַם, ווי אַ פֿאַרכישופֿטער, פֿאַנגט ער אָן

צן ציען זיך אין יענער ריכטונג. ער קומט צו צום אַרויסגאַנג. אָבער דאָ באַגעגנט ער אַקעטאַטאַנען. אַקעטאַטאַן פאַרשטעלט אים דעם וועג, און אַ דערשראָקענער פאַר זיין פריינט, וואָס ער האָט פאַרלאָזן זיין שמירה, טוט ער אים שטום אַ שטופּ און, זעענדיק, אַז ער איז פאַר־חושט, הויבט ער אים אָן טרייסלען. טוטאַקאַר דערוואַכט. ער קוקט זיך אַרום. ער פרעגט זיך אַליין, פאַרוואונדערט, וואו ער איז און וואָס ער טוט דאָ. אַקערטאַטאַן טרייסלט אים ווידער און ער קערט זיך אום צוריק צו זיין אָרט און ער שטעלט זיך צוריק אין דער זעלביקער פּאָזע פון אויסגעצויגנקייט. אַקעטאַטאַן פאַרנעמט זיין פּלאַץ לעבן אים.}

**דער וועכטער**

/פונעם טורעם

**דער שאָטן פון דעם טורעם**
**האָט צום צפון זיך געקערט**
**און פרידן איז אין לאַנד מצרים!**

{עס קומען אַריין פרעה פון ועכטס און פוטיפר מיטן שר־המשקים און מיט יוספן פון לינקס. פרעה זעצט זיך אויפן טראָן. יוסף שטעלט זיך אַנטקעגן אים. פוטיפר פאַרנייגט זיך נידעריק פאַר פרעהן}

**פוטיפר**

**דעם ווילן פון מיין האַר האָב איך דערפילט:**
**יוסף שטייט פאַר זיין געזיכט.**

{יוסף שטייט גלייך און פאַרנייגט זיך ניט. פרעה באַטראַכט אים}

**שר המשקים**

/פאַרציטערט, טוט אַ שטויס יוספן

**צי זיך אויס אויף דיין פּנים —**
**דאָס איז פרעה . . .**

{יוסף רירט זיך ניט פון אָרט. דער שר־המשקים איז פאַרצווייפלט. ער טרעט אָבער אָפּ אָן אַ זייט, כדי ניט צו ווענדן אויף זיך פרעהס אויפ־מערק. דער לעצטער באַטראַכט יוספן און קאַנטיק, אַז ער געפעלט אים, וואָרן אַ שמייכל צעגיסט זיך איבער זיין פּנים.}

**פרעה**

**דיין אויסזען זאָגט עדות**
**אויף דעם שטאָלץ פון דיין האַרץ —**

אַזוי איז פאַר אַ האַר
קיין קנעכט נאָך קיינמאָל ניט געשטאַנען . . .
ווער ביזטו, יונגלינג ?

**יוסף**

מיין נאָמען איז יוסף,
דער זון פון יעקב,
פון דעם לאַנד כנען.

**פּרעה**

ביזטו אַ קנעכט
צו פּוטיפרן מיין קנעכט ?

**יוסף**

פאַר אַ קנעכט צו אים
בין איך פאַרקויפט געוואָרן, —
ניט איך האָב זיך פאַרקויפט !

**פּרעה**

ווערסט איצט פריי !
וועסט אַ דינער זיין צו פּרעהן.

**יוסף**

יוסף דינט צו קיינעם ניט !

**פּרעה**

וואָס ? . . .ניט דינען ? . . .
אפילו מיר ? . . .

**יוסף**

ניין ! אויך ניט פּרעהן !

**פּרעה**

/קוקט אויף אים פאַרוואונדערט
איך בין פּרעה !
דער הערשער פון מצרים !
דער הערשער פון דער וועלט !

**יוסף**

ניין ! ניט דו ביזט הערשער פון דער וועלט,
נייערט ווי יעדער מענטש,
ווערסטו פון וועלט באַהערשט.
וואָס ווייסט פּרעה פון דער וועלט און אירע סודות,

אַז ער זאָל הערשער זיין און באַהערשן קאָנען ?
מיט וויפיל מענטשן פון דער וועלט
האָט פרעה זיך אַמאָל געטראָפן זעל צו זעל,
אַז זיין כבוד זאָל זיך אין זיי אַריינטאָן,
און ער זאָל זיי כאָטש באַווירקן קאָנען ?
די זון דרינגט אין געמיט
פון אַלץ וואָס לעבט
און אויך זי באַצווינגט ניט אומעטום . . .

פרעה

ווער ביסטו, יונגלינג, וואָס דו רעדסט אַזוי צו פרעהן ? . . .

יוסף

דריי יאָר בין איך געווען אין תפיסה,
און איידער איך בין אַהין געקומען,
האָב איך אין זיך געזאַפּט
פון דער ברייטקייט פון דער וועלט.
אין תפיסה איז מיין וועלט געווען
ענג, און שמאָל, און פינצטער, —
האָב איך פון דער טיפקייט פון מיין איך
די וועלט געמאָסטן.

פרעה

און מעסטנדיק,
וואָס האָסטו דערמאָסטן ?
וועלכע גרענעצן האָסטו דערגרייכט ?

יוסף

דערגרייכט ? . . .
דערגרייכט האָב איך נישט ווייט,
אָבער אַז ניט דערגרייכט האָב איך, —
דאָס האָב איך פאַרשטאַנען,
און דאָס אַליין איז אַ דערגרייכונג !

פרעה

אין די חלומות פון מיינע טעג און נעכט,
ווען איך בלייב מיט מיין געמיט אַליין,
ווען איך קוק און וויל זען, —
זע איך אויך, אַז זען וויל איך
און זען קאָן איך ניט . . .

דו האָסט געמאָסטן פון דער ענגשאַפט פון דיין תפיסה
און איך האָב געמאָסטן פון דער ענגשאַפט פון מצרים,
אָבער צו דערמעסטן
האָב איך גאָרנישט ניט דערמאָסטן . . .
איך האָב געזען ווי טאָג די נאַכט פאַרצערט,
איך האָב געזען אַלטקייט יוגנט צו פאַרצערן
און הונגער — צו פאַרצערן זאַטקייט,
אָבער פון פאַרצערונג גופא דעם גרויסן סוד
האָב איך אויסגעפינען קיינמאָל ניט געקאָנט . . .

**יוסף**

ניט אויסגעפונען האָסטו
און ניט אויסגעפינען וועסטו!
וואָרן אפילו די זון פון אויבן
דרינגט בלויז איבער פלאַכן מיט איר בליק
און דערגרייכט ניט קיינמאָל
די טיפקייטן פון זאַכן. —
אַ מענטש קען
אפילו קיין פלאַכן ניט גרייכן!

**פרעה**

כאָטש די זון גרייכט ניט מער ווי פלאַכן,
באַצווינגט זי אָבער פילע טיפן . . .

**יוסף**

ס'איז דערפאַר,
וואָס זי האָט זיך דערהויבן!
זי איז דערהויבן אַריבער יעדן שיעור —
צויבערט זי מיט איר מילדן גלעטן פונעם פרימאָרגן,
און אַפילו מיט איר פלאַמיקן אָטעם פון מיטן טאָג —
זי דרינגט אין איינגעווייד פון זאַכן
און פילט דאָרט חיות אַן.

**פרעה**

אויך איך האָב גרייכן געוואָלט
און איך האָב מיינע חיילות
צו אַלע עקן פון דער וועלט געשיקט.
זיי זיינען אָבער קוים די גרענעצן

פון מיין לאַנד אַריבער,
ווען זיי האָבן זיך אומגעקערט צוריק.

יוסף

מיטן שאַרף פון שווערד
וועט קיינמאָל קיינעם ניט זיין באַשערט
צו קריגן וואָס ער באַגערט.

פּרעה

ווי דען? ווייסטו פון אַן אַנדער וועג?

יוסף

יאָ, איך ווייס.
אין מיין קנעכטשאַפט און אין תּפיסה
האָב איך דעם סוד דערקענט.

פּרעה

אין קנעכטשאַפט און אין פּיין?
און איך ד־האָב אין מאַכט געוואָלט דערגרייכן.

יוסף

אויך איך האָב אַמאָל געמיינט,
אַז איך וועל אין מאַכט קאָנען גרייכן זאַכן —
איך האָב אַזוי געדענקט ווען איך בין נאָך האַר געווען;
און אפילו שפּעטער, ווען איך בין שוין געוואָרן קנעכט,
איז מיר נאָך אַלץ באַשערט געווען
איבער און העכער פון קנעכט צו זיין,
און ניט צו בויגן זיך קעגן פרעמדן ווילן.
אָבער דערנאָך, אין ד־תּפיסה,
און אין מיין אומבאַהאָלפענעם סקריען מיט די ציין,
און אין מיין אומבאַהאָלפענעם קלאַפּן מיט די פויסטן אין די ווענט,
וואָס ד־האָבן די ווענט ניט גערירט און מיינע פויסטן צעבלוטיקט,
און אין מיין ווילדן כעס, וואָס האָט זיך דערנאָך פאַרוואַנדלט
אין פאַרגליווערטער טעמפּקייט פון געפיל און געמיט, —
ערשט דאָרט האָב איך דערקאַנט דעם פולן טעם
פון פּיין און שמערץ פון געבויגענעם רוקן,
פון צו זיין דאָס ליים אינעם האַנט פונעם טעפּער,
און ניט קענען טאָן זאַכן נאָכן געפיל פונעם אייגענעם האַרץ
און צו זיין בלויז דאָס, וואָס אַ פרעמדער צווינגט דערצו.

עס וועט קיינמאָל ניט דער מענטש אין קנעכטשאַפט
קיין גרויסעס ניט דערגרייכן,
עס קען ניט דער וואָס אַרבעט אין ווידערווילן,
און וועמענס געמיט הערט קיינמאָל ניט אויף
הויבן זיך פון שטויב, —
עס קען קיינמאָל ניט אַזאַ געמיט
ווערן דערהויבן זיך צו גרויסע דערגרייכונגען
און צו פאָרשן זאַכן פאַרן געגוס פון זיין האַר.
און אַלע דיינע האַרן, פרעה, — כאָטש האַרן איבער אייגענע קנעכט—
אָבער דאָך פאַרקנעכטעט אין געמיט צו דיר —
זייער געמיט איז פאַרשמאָלצן מיט פעטס
און מיט פעטס איז זייער מאַרך פון קאָפּ פאַרגאָסן
און זייער השגה וועט ניט גרייכן ווייטער
פון הנאה פון ווייבס געלעגער
און פון דעם אויפברויז און פאַרטומלונג פון אַלטן וויין.

**פרעה**

און ווי אַנדערש זאָל ווערן געטאָן ?

**יוסף**

דו האָסט גרענעצן איבערשפרייזן געוואָלט,
זאָלן בעסער גרענעצן אונטער דיר זיך קייקלען ;
צו פעלקער און צו לענדער ביזטו געגאַנגען,
זאָלן בעסער פעלקער און לענדער ווענדן זיך צו דיר.
האָסט דאָך אַליין געזאָגט,
אַז הונגער זאַטקייט טוט פאַרצערן, —
שטעל הונגער זיך צו דינסט !
זאַמל אוצרות אין דיינע שפייכלערס,
זאַמל איין די שפע פון די זאַטע יאָרן
און — הונגער קומט אָפט צו גאַסט !
הונגער וועט קומען !
הונגער מוז קומען ! —
און פעלקער פון אַלע לענדער
וועלן נאָך דיין שפע ציען זיך צו דיר, —
די גאַנצע וועלט וועט ציען זיך צו דיר
און וועט זיך צו דיין שפע אונטערטעניקן.
פעלקער וועלן דיר לענדער צוטראָגן
און לענדער — פעלקער !

פרעה

און דאַן? . . .

יוסף

און דאַן — דאַן ווער אַ שותף, פּרעה, צו דיין פאָלק,
דערהויב זיך אַליין דורך דיין צו אים נידערן,
און דערהויב אים דורך זיין צו זיך דערהויבן;
גליַיך זיך אויס מיט אים! —
זאָלן ווערן דיינס זיין לאַנד און שאָף און קי,
און מאַך דיין חלק גליַיך מיט אים.
און זאָל זיין חלק ווערן גליַיך מיט דיינעם,
און ערשט וועסטו גרייכן די געגאַרטע הויכן
ווי אויך גרייכן די געגאַרטע טיפן.

פרעה

און דאַן?

יוסף

און דאַן? . . . ווער ווייסט? . . .
אפשר ערשט דאַן וועסטו דעם סוד דערגיין,
אַז אויך אַלץ איז גאָרנישט,
וואָרן גאָרנישט איז אַלץ . . .
אָבער דענסטמאָל וועסטו קוקן
פון דעם אַלץ אויף גאָרנישט
און פון דעם גאָרנישט
אויף דעם אַלץ . . .
אפשר וועסטו אַרייבליקן דאַן קאָנען
פון דער אייביקייט פון גאָרנישט
דורך דעם שפּאַלט פונעם טויער,
וואָס פאַרהיילט די אייביקייט פון אַלץ,
וואָס מישט ביידן זיי צוזאַמען
און שאַפט די וועזנקייט פון וועלט.

פרעה

און דו, אַ, יוסף,
האָסט דורכן שפּאַלט פון יענעם טויער
שוין אַריינגעבליקט?

**יוסף**

ניין! איך האָב נאָך
דעם גאָרנישט פון דעם אַלץ
באַנומען ניט איינגאַנצן.
דו, פּרעה, האָסט מיך
פון מיטן וועג געקערט,
ווען דו האָסט מיך היינט
פון תּפיסה אַרויסגעצויגן . . .

**פּרעה**

(שטייט אויף)
פון מיטן וועג, זאָגסטו,
האָב איך דיך היינט געקערט? —
ניין! צוגעשטאַנען צו דיר
בין איך היינט אויף דיין וועג!
דעם אַלץ פון גאָרנישט
אָדער דעם גאָרנישט פון אַלץ —
אינײנעם, יוסף, וועלן מיר אים דערלאַנגען!
איך און דו, יוסף!
צום פאַרהיילענעם טויער
צוקומען וועלן מיר ביידע!
אָבער ניט דורך זיינע שפּאַלטן
וועלן מיר דעם אינגעווייד פון זאַכן פאָרשן,
נייערט דעם טויער צו שטורעמען
וועלן מיר צוזאַמען זיך פאַרמעסטן! . . .

(פּרעה טרעט אַראָפּ פון זיין טראָן און שטעלט זיך אַנטקעגן יוספן. ער הויבט אויף זיין רעכטע האַנט אין אַ צייכן פון שבועה. יוסף קוקט אויף אים צוערשט טיף און שטרענג, אָבער דערנאָך הויבט ער לאַנגזאַם אויף זיין האַנט, און זיי שטייען איינער אַנטקעגן דעם אַנדערן מיט אויפגעהויבענע הענט.)

שיקאַגע און מילוואָקי, אויגוסט, 1927 — אַפּריל, 1928.